שאפט. ער איז אַ ג ל ו י ב ע ן. א גלויבען אין דעם מענשען, אין דער מענשהיים און אין דעם טריאומף פון מענשליכער גע־רעכטינקייט. ער איז דער בעסטער גלויבען פון דער מענשהייט, וואָס קעמפט פאר איהר בעפרייאונג.

און דאָס איז פאר איהם מעהר, איידער נענונ, כדי צו ווערן אַ ווירקזאמע היסטאָרישע קראפט.

„דעם קלאָרען איבערבליק איבער די עקאָנאָמישע געשיכטע פון א געגעבענעם פעריאָד קאָן מען קיין מאָל ניט געווינען אין דער־זעלביגער צייט, נאָר ערשט שפּעטער, ווען דער גאַנצער שטאָף איז צונויפגעזאַמעלט און דורכגעמוסטערט. די סטאַטיסטיק איז א נויט־ווענדיגער הילפס־מיטעל דערצו און זי הינקט אלע מאָל נאָך"...*)

„אַזאַ געדאַנק לאָזט אונז הערען אָהן א ברעקעל ספק אז די מאַרקסיסטישע מעטהאָדע ...קאָן בשום אופן ניט זיין קיין מעטהאָ־דע אויף פּאָראויסזעהען די צוקונפט: — דער סטאַטיסטישער מאַטעריאַל, וועלכען איהר אונטערזוכט היינט, שפּיעגעלט אין אמתע'ן אב יענע פּראָצעסען, וואס האָבען זיך אבגעשפּיעלט א סך פריהער און האָבען זיך שוין אפשר אין גאַנצען איבערגעביטען. און בעת איהר בויט אייער נבואה אויף דעם גרונד פון דער לעצטער סטאַטיסטיק, זענען אפשר אין די טיעפסטע טיעפעניסען פון דעם פערבאָרגענעם עקאָנאָמישען לעבען אויסגעוואַקסען אַזוינע בע־דינגונגען, וועמעס ווייטערע ענטוויקעלונג עס וועט לגמרי מאַכען אונמעגליך, אייער נבואה זאָל ווען עס איז מקוים ווערן. איהר זעהט זיי נאָך ניט, ווייל די סטאַטיסטיק „הינקט" און קאָן קיינמאָל ניט אָניאָגען דעםווירקליכען צושטאַנד פון דעם עקאָנאָמישען פּראָ־צעס".

דעריבער מוזען זיך די מאַרקסיסטען „איבערהויפּט אבזאָגען פון א וועלכער עס איז סאָציאַלער נביאות. אז ניט קאָנען זיי בע־קומען גאָר א מאוס'ען פּאַטש אין פּנים פון יענע וויכטיגע עקאָנאָ־מישע ערשיינונגען, וואס ווירקען, לויט ענגעלס, „דאָס רוב א לאַנגע צייט פערבאָרגענהייט, איידער זיי בעווייזען זיך פּלוצלונג און געוואַלטזאַם אויף דער אויבערפלעך"*).

ווי א נבואה פאר דער צוקונפט, קאָן דעריבער דער סאָציאַליזם ניט זיין קיין ווי ס ע נ ש אַ פ ט. אָבער לויט דעם בליק פון די סאָציאַליסטען־רעוואָליוציאָנערען, איז ער עפּעס אַזוינס, וואָס איז אפשר ניט וועניגער ווערטה איידער די וויסענ־

*) די געשיכטס־פילאָסאָפיע א. אַז. וו., ז. 177־179.

*) קאַרל מאַרקס, די קלאַסענקעמפּפע (1895) איינלייטונג, ז. 3.

סאָציאַליסטישער יושר, מען זאָל דעם גורל פון מיליאָנען אר־בייטער („אָדער דעם גורל פון א גאנצען פאָלק", זאגען מיר איצטער, טראכטענדיג וועגן אונזער אייגען אידיש פאָלק) מאכען אבהענגיג פון שעהנע טעאָרעטישע פּלפּולים.

און ווען אפילו מען זאָל אָננעהמען, אז די וויסענשאפטליכע אונטערזוכונג וועט ווען עס איז בעוויזען פונקט דאָס וואס קארל מארקס האָט געוואָלט פון איהר, איז יעמאלט דער מארקסיזם נאָך אויך ניט ביכולת ארויסצוטרעטען מיט פאזיטיוו זיכערע נביאות וועגען דעם גאנג פון דער געשיכטליכער ענטוויקעלונג אין דער צו־קונפט.

דעם בעוויז דערצו האָב איך געבראכט אין א בעזונדער ארבייט, וואָס איז דאָ אויך אין דער אידישער שפּראַך, און איך קאן דעריבער אבשיקען דעם לעזער צו איהר*).

דאָ וויל איך נאָר ברינגען איין ציטאַט:

„וואָס טהוט זיך מיט דעם הויפּט־פאקטאָר, מיט דעם עקאָ־נאָמישען פּראָצעס?... כמעט יעדער מארקסיסט גלויבט, אז וואָס — וואָס, אבער די בעוועגונגען פון יענער מאַך־ראַד, וואָס טרייבט אן אלע אנדערע רעדער, קאן מען אלע מאָל אוועקשטעלען אונטער דער וויסענשאפטליכער קאָנטראָל. דאָס איז אבער א גרויסער און שעדליכער טעות. גראָד אין דעם פּונקט ליעגט פערבארגען די ערגס־טע צרה פאר דער מארקסיסטישער מעטהאָדע: די ענטוויקעלונג און דעם גאנג פון דעם עקאָנאָמישען פּראָצעס איז בעצם נאָך שווע־רער צו בעשטימען, איידער די ענטוויקעלונג און דעם גאנג פון א סך ניט־עקאָנאָמישע פּראָצעסען, און קיינער האָט דעם פּונקט ניט איינגעזעהען אזוי קלאָר, ווי דוקא ענגעלס אליין".

„אין זיין שטארק „אפּיקורסישער" הקדמה צו מארקס' ווערק וועגען דעם קלאסען־קאמף אין פראנקרייך, געפינען מיר אויך אזעלכע מיני רייד:

---

*) זעה די געשיכטס־פילאָסאָפיע און דער ענד־ציעל" באנד 3 פון מיינע „געזאמעלטע שריפטען", ז. 133—191. די ארבייט איז פריה־ער געווען געדרוקט אין די דייטשע „סאָציאַליסטישע מאָנאַטסהעפ־טע".

אנאַליזירען די וויכטינסטע פאַקטען, וואָס געהערען צו איהם, איידער מען האָט נאָך אין דער האַנד יענעם שליסעל (די געשיכטע פון די עקאָנאָמישע פּראָצעסען), וועגען וועלכען מען גלויבט, אז נאָר ער אַליין קאָן אונז אויפמאַכען אַלע טהירען.

העכסטענס, וואָס מען קאָן וועגען אַזעלכע טעאָרעטישע בנינים זאָגען, איז, אַז זיי זענען וויסענשאַפטליכע סברות, היפּאָטעזען, וואָס קאָנען אפשר ווען עס איז דערהויבען ווערן צו דעם ראַנג פון אַ וויסענשאַפטליכער טעאָריע, ווען דער גאַנצער נויטיגער מאַטעריאַל וועט נעזאַמעלט ווערן און וועט גליקליך בעאַמת'ן זייערע בעהויפּטונגען.

די מאַרקסיסטישע געשיכטס־פילאָסאָפיע קאָן דעריבער ניט אָנגערופען ווערן וויסענשאַפט. זי איז העכסטענס אַזוי צו זאָגען אַן אַקציען־אונטערנעמונג, וואָס זאָגט צו, אַז אויב מען וועט פאַנאַנדערגראָבען דעם גאַנצען געשיכטליכען מאַטעריאַל, וועט מען אַרויסגראָבען דאָס ריינע גאָלד פון דער וויסענשאַפטליכער דערקענטניס.

איז — ווער עס האָט דעם גלויבען דערצו, זאָל זיך פערשרייבען אויף יענע אַקציעס. פאַרדערן פון איינעם, אַז ער מוז זיי האַלטען אין דעם נאָמען פון דער וויסענשאַפט, הייסט כאַפּען פיש פאַר דער נעץ. און אַם ווענינסטען קאָן מען דאָס פאַרדערן פון די, וואָס דערקלערען לכתחילה, אַז די וויסענשאַפטליכע דערקענטניס, וואָס מען פערזיכערט זיי, אַז זי וועט ווען עס איז אַרויסגעפונען ווערן, געהט להיפך צו זייערע אידעאַלען, וואָס וואַקסען אַרויס פון דער סאָציאַליסטישער גערעכטינקייט.

זיי זאָגען: עס איז אונזער סאָציאַליסטישע פליכט, דערווייל זיך גאַר ניט צו רעכענען מיט אַזעלכע אַקציען־אונטערנעהמונגען, ביז מען וועט ניט אויסגראָבען „דאָס ריינע גאָלד" פון דער וויסענשאַפטליכער דערקענטניס אויף אַ כשר'ן וויסענשאַפטליכען אינדוקטיווען וועג. און אַז מען וועט אויסגראָבען, וועלען מיר יעמאָלט זעהען. דערווייל זעהען מיר, אַז וואָס מעהר די מאַרקסיסטען גראָבען זיך אין דער געשיכטע, אַלץ אַן אַנדער פּנים בעקומט זייער איינענע טעאָריע.

אונטער אַזעלכע אומשטענדען פערוועהרט דער

כע פעריאדען האט דער עקאנאמישער פאקטאר געשפּיעלט יענע ראָליע, וועלכע דער מאַרקסיזם שרייבט איהם צו.

דאס האט ער אבער נאך עד היום ניט דורכגעפיהרט, און ער קאן עס נאך ניט דורכפיהרען, ווייל דערצו געהערט א גרונד־בעדינגונג, וואס איז נאך ניט אריינגעטראטען אין לעבען.

כדי צו בעווייזען, אז „אלץ אין דער געשיכטע קומט פאר לויט דעם, ווי עס ווערט פראדוצירט און ווי די פראדוקטען ווערען אויס־געביטען איינע אנטגעגען די אנדערע" מוז מען פריהער גענוי אויספארשען די גאנצע געשיכטע פון דעם עקאנאמישען פראצעס. אז ניט, — ווי אזוי וועט איהר וויסען, אז די איבעריגע ערשיינונגען פון דער געשיכ־טע זענען פארגעקומען לויט יענעם פראצעס?

אזא געשיכטע פון דער „עקאנאמיקע" איז נאך אבער גאר ניטא, און אויף דער מאטעריאל דערצו איז נאך ניט גענוג אנגע־זאמעלט געווארען. און בכלל ליעגט נאך די גאנצע געשיכטס־פּי־לאסאפיע אין איהרע ווינדעלעך.

„אויף דעם געביעט פון דער מענשענגעשיכטע", בעקלאגט זיך ענגעלס, „זענען מיר מיט אונזער וויסענשאפט נאך ווייט מעהר אין ריקשטאנד, איידער אויף דעם געביעט פון דער ביאלאגיע"*)

פאר וואס מארקס און ענגעלס, וועמעס אנשויאונגען עס זע־נען אויסגעארבייט געווארען אין די פערציגער יאהרען פון דעם פא־ריגען יאהרהונדערט, האבען נאך געמאגט גלויבען, אז זייערע גע־שיכטס־פילאסאפישע טעאריעס מעגען אנגערופען ווערן „וויסענ־שאפט", איז אן אינטערעסאנטע פראגע, וואס די היסטאריקער פון דעם מארקסיזם מעגען זיך דערמיט בעשעפטיגען.

אין אונזער צייט אבער, מיט אונזערע מאדערנע שטרענגע פאדערונגען, וועלכע מיר שטעלען דער וויסענשאפט, כדי ארויסצובערענגען דעם זיכערען אמת, קאנען מיר זיך נאר חדוש'ן, ווי אזוי מען קאן אויפשטעלען אלגעמיינע געזעצען אויף א וועלכען עס איז געביעט, איידער מען האט נאך געקאנט

*) אנטי־דאהרונג, ז. 83־84.

גען געוואָרען איבערצוקוקען די דאָקומענטען ביי דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם, כדי אויף קלאָר אויסצוגעפינען, צי ער האָט טאַקי א רעכט צו טראָגען דעם שטאָלצען נאָמען: „וויסענשאַפט“.

און זיי האָבען געפונען, אז אויף וויפיעל ער בעשעפטיגט זיך מיט דער אויספאָרשונג פון דער געגענוואַרט, דער עיקר מיט דעם אויפדעקען פון יענע עקאָנאָמישע פּראָצעסען, וואָס האַלטען פערשקלאַווט דעם אזוי אַנגערופענעם „פרייען“ ארבייטער, האָט דער מאַרקסיסטישער סאָציאַליזם בלי ספק א רעכט שטאָלץ צו זיין אויף דעם רייכען אוצר, וואָס ער האָט אריין געטראָגען אין דער וויסענשאַפט: די דריי בענד „קאַפּיטאַל“ אליין (איצטער שוין פיער) זענען אן אייביגער מאָנומענט פאַר דער פּראָגרעסיווער און בעפרוכטענדער ראָליע, וואָס דער סאָציאַליסטישער געדאַנק האָט געשפּיעלט אין דער ענטוויקעלונג פון דעם מענשליכען וויסען. און דערצו זענען זיי אויף לויט אונזערע אנשויאונגען דער פעלזענפעסטעסטער וויסענשאַפטליכער פונדאַמענט, אויף וועלכען עס ווערט געבויט די טעאָריע פון דער סאָציאַליסטישער גערעכטיגקייט.

אויף וויפיעל אבער דער וויסענשאַפטליכער סאָציאַליזם טרעט ארויס מיט דער פּרעטענזיע, אז ער האָט שוין אויסגעפונען דעם הויפּט פאַקטאָר, וואָס בעהערשט דעם גאַנצען געשיכטליכען גאַנג פון דער מענשהייט, און אויף וויפיעל ער געפינט אין זיך דעם קוראַזש ארויסצוזאָגען אבסאָליוט זיכערע נביאות. וועגען דעם, צו וועלכען ענד־ציעל עס טראָגט זיך דער סטיכישער ענטוויקעלונגספּראָצעס און אויף וועלכע וועגען ער וועט איהם דערגרייכען, **איז ער זעהר ווייט פון צו זיין א וויסענשאַפטליך בעגרינדעטער אמת.**

אין דעם ערשטען פאַל, אין דער פראַגע וועגען דעם הויפּטפאַקטאָר פון דער געשיכטע, וואָלט ער נאָר יעמאָלט געקאָנט אַנגערופען ווערן **וויסענשאַפט**, ווען ער וואָלט **אויסגעשטודירט די גאַנצע מענשליכע געשיכטע** און וואָלט מיט פאַקטען און אַנאַליזען אין דער האַנד בעוויזען אזוי קלאָר ווי דער טאָג, אז אין אלע געשיכטלי־

אַלען, נעהמט להיפך צו דעם אמת פון שכל? וואָס טהוט מען, ווען די וויסענשאַפט בעוויזט, אז פון דער קאַפּיטאַליסטישער אומגערעכטיגקייט אין דער איצטיגער צייט מוז ארויס וואַקסען די סאָציאַליסטישע גערעכטיגקייט פון דער צוקונפט?

עס איז געווים זעהר אַן אינטערעסאַנטער און טיעפער פּראָבלעם — אויסצופאָרשען, וואָס עס קומט פאָר אין דער געשיכטע פון דעם מענשליכען געדאַנק, ווען אמת און יושר שטויסען זיך צונויף מיט זייערע שטערענס. דאָ קאָן איך לײדער ניט אויפנעהמען דעם ענין. כדי אויסצומיידען זעהר פערפּלאָנטערטע אונטערזוכונגען וועגען דער טבע פון דעם מענשליכען וויסען, לאָמיר אָננעהמען, אז אין אַזאַ פאַל מוז דער סאָציאַליסטישער יושר אָבטרעטען דעם וועג פאַר דעם וויסענשאַפטליכען אמת. אָבער אַלע מאָל, ווען ער איז דאָס געצוואונגען צו טהאָן, האָט ער ניט נאָר א רעכט, נאָר די דרינגענסטע פליכט, צו פרעגען ביי דעם אמת דעם פּאַספּאָרט זיינעם און שטרענג נאָכצוקוקען, צי עס שטימען אַלע סימנים.

ווייל אויב עס זאָל זיך ארויסשטעלען, אז דאָס איז גאָר ניט געווען דער אמת, נאָר א שווינדעל, א פאַנטאַזיע, א שעהנער דרש אָדער פּלפּול, וואָס פאָהרט ארום אונטער א פאַלשען נאָמען, יעמאָלט וואָלט געווען די גרעסטע עולה אבצוזאָגען זיך צוליעב איהם פון זיך אליין. דאָס קאָן שוין דער יושר ניט דערלאָזען.

און אין אַזאַ לאַגע האָבען זיך געפונען די סאָציאַליסטען־רעוואָליוציאָנערען, ווען די מארקסיסטען האָבען געפאָדערט פון זיי, זיי זאָלען זיך אבזאָגען פון זייערע אידעאַלען, וואָס זענען אין דערזעלביגער צייט די פאָרדערונגען פון דעם סאָציאַליסטישען יושר, זיי זאָלען צוגעבען, אז די מאַיאָריטעט פון דעם רוסישען ארבייטענדען פאָלק זאָל אבגעריסען ווערן פון איהרע פּראָדוקציאָנסמיטלען, זאָל אריין געוואָרפען ווערן אין דעם קעסעל פון דעם קאַפּיטאַליזם, זאָל אויסשטעהן אַלע עינוים און יסורים פון דעם פּראָלעטאַריערס לעבען, ווייל אַזוי איז דער גזר־דין פון דעם אמת, וואָס טרעט ארויס אין דער פאָרם פון דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם.

די סאָציאַליסטען־רעוואָליוציאָנערען זענען דעריבער געצוואונ־

פרייע און פריידיגע צופאסונג פון דעם אינדיווידיום צו דעם גאנ־
צען. אומעטום, וואו די מענשען הענגען אב פון א צווייטענס גענאד,
וואו זיי העלפען אויספיהרען אלגעמיינע אויפגאבען ניט אויס
זייער פרייען ווילען, וואו דער אינדיווידואום, איז אונטערגעוואר־
פען אונטער די געזעצען פון דעם כלל, דורך א צווייטענס מאכט
אָדער אויס געוואוינהייט אבער ניט פון זיין פרייען בעשלוס, דאַר־
פען מוז מען אומעטום רעדען פון א מינדערווערטהיגער, פערקרי־
פעלטער מענשליכער חשיבות. ממילא וועט די מענשהייט צו איהר
רעכט קומען נאָר יעמאלט, ווען עס וועט אבגעשאפט ווערן דער קאַ־
פיטאליזם און עס וועט אריינגעפיהרט ווערן דער סאָציאליזם"*).

עס איז פאר יעדען איינעם א פליכט פון יושר
צו זיין א סאָציאליסט. און עס איז פאר יעדען סאָציאליסט א
זעלבסטפערשטענדליכע פליכט—מיט צו געהן אנטקע־
גען די פאָרדערונגען פון דעם סאָ־
ציאליסטישען יושר.

איינע פון די וויכטיגסטע פאָרדערונגען פון דעם סאָציאליסטי־
שען יושר בעשטעהט אין דעם, אז די מיטלען און די געצייג פון דער
פראָדוקציע זאל געהערען צו די ארבייטער, אז דער סאָציאליסט,
וואָס פראטעסטירט אנטגעגען דער עקספּלאָאטאציע פון דעם קאַ־
פיטאליסט, זאל ניט נאָר בשום אופן ניט העלפען דעם קאפיטאליסט
אברייסען דעם ארבייטער פון זיינע ארבייטס־בעדינגונגען, נאָר ער
זאל אויך קעמפען אנטגעגען דעם מיט דער גאַנצער מאכט. און אָט
די פאָדערונג פון דעם סאָציאליסטישען יושר האָבען די סאָציאליס־
טען־רעוואָלוציאָנערען געזוכט צו פערווירקליכען אין זייער אגראר־
פּראָגראם.

וואָס טהוט מען אבער, ווען די פאָרדערונגען פון דעם סאָציא־
ליסטישען יושר געהען להיפך צו די בעהויפטונגען פון דעם וויסענ־
שאפטליכען אמת? וואס טהוט מען, ווען דער „אמת פון הארצען",
ווי איך האָב אין אן אנדער פלאץ אנגערופען די מענשליכע אידע־

*) זעה זידעקום'ס דייטשע איבערזעטצונג פון זשאָרעס" „סאָציא־
ליסטישע שטודיען": „אויס טעאָריע אונד פראקסיס", בערלין 1902,
פערלאג פון די סאָציאליסטישע מאָנאַטסהעפטען, ז. 165.

שאפט, ניט אין דער פילאָסאָפיע, און ניט אין דער מאראל. ווילען מיר יעמאלט זאגען, אז ביידע, סיי די סאָציאליסטישע וויסענשאפט, סיי דער סאָציאליסטישער יושר זענען רעלאטיווע אמת'ען פאר געוויסע צייטען, אדער געוויסע גרופען פון דער מענשהייט.

אין ביידע פעלען האָבען מיר קיין רעכט ניט צו מאכען א חלוק צווישען די צוויי גרונד־ארטען פון דעם מענשליכען בעוואוסטזיין, צווישען דעם שטרעבען צו אמת און דעם שטרעבען צו יושר. און אין ביידע פעלען טאָהרען מיר ניט אבלייקענען דעם „עטישען פאק־טאָר„.

זעהר טיעף און קלאָר האָט דעם געדאנק פון דעם עטישען סאָ־ציאליזם ארויסגעזאגט דער ניט לאנג פערשטאָרבענער זשאן־זשאָ־רעס, אין זיין אבהאנדלונג: „די מענשען־רעכט", אין דעם ערשטען ארטיקעל, וואָס טראגט דעם נאָמען: „דער סאָציאליזם און דאָס לע־בען":

„די הערשאפט פון אן איינצעלנעם קלאס", זאָגט זשאָרעס, „איז אן אטענטאט אויף דער מענשהייט. דער סאָציאליזם, וואָס וועט אבשאפען יעדע קלאסען־הערשאפט, ווי איבערהויפט יעדען קלאסען־אונטערשייד, איז דעריבער גלייכבעדייטענד מיט דער ווידער־אויפריכטיגונג פון דער מענשהייט. עס איז ממילא פאר יעדען איינעם א פליכט פון דער גערעכטיגקייט צו זיין א סאָציאליסט".

„מען דארף נאָר ניט גלויבען, ווי דאָס טהוען אייניגע סאָ־ציאליסטען און פאזיטיוויסטען, אז עס איז קינדיש און אָהן א ברע־קעל נוצען צו בערופען זיך אויף דער גערעכטיגקייט; אז זי איז א גאנץ מעטאפיזישער בעגריף, וואָס לאָזט זיך אונענדליך פונאנדער־ציעהען און אז יעדע טיראנייע האָט זיך צוגעשניטען א מאנטעל פון יענעם באנאלען פורפור. אין דער איצטיגער געזעלשאפט בעקומט דאָס ווארט גערעכטיגקייט אן אלץ מעהר און מעהר קלאָרען, מעהר און מעהר ארומנעהמענדען בעגריף. ער זאגט, אז אין יעדען מענשען, אין יעדען אינדיווידואום דארף רעספעקטירט ווערן די מענשהייט, אז אין איהם דארף אויפ'ן העכסטען גראד ענטוויקעלט ווערן דאָס מענשענטהום. אבער אמת'ע מענשליכע חשיבות קאן נאָר זיין דאר־טען, וואו עס הערשט אונאבהענגיגקייט, א טהעטיגער ווילען, א

און בלוט און פון יעמאָלט אָן בעשטימט זי אונזערע האנדלונגען, אזוי גוט ווי אַלע אנדערע אייגענשאַפטען, וואָס כאראקטעריזירען די טבע פון א מענשען.

און אקוראט ווי מיר קאָנען ניט לייקענען די היסטאָרישע ווירקזאמקייט פון דער מענשליכער  אַ ר ב י י ט,  דער מענשלי־כער  ט ע כ נ י ק,  וואָס איז אויך א פּראָדוקט פון דעם  מ ע נ־ש ע נ ס  נאַטור („נאר דער  מ ע נ ש  ארבייט", זאָגט קארל מארקס אין „קאפּיטאל") אזוי קאָנען מיר אויך ניט אבלייקענען די היסטאָרישע ווירקזאמקייט פון דער מענשליכער מאָראלישער טבע, ווייל נאָר דער  מ ע נ ש  שטרעבט בעוואוסטערהייט צו פער־ווירקליכען די אידעאלען פון יושר און סאָלידאריטעט אין דעם גע־זעלשאפטליכען לעבען.

די עטישע זייט פון דעם מענשליכען לעבען איז א זעלבסט־שטענדיגע, היסטאָריש ווירקזאמע קראפט. מיט איהר מוז מען זיך אלע מאָל רעכענען און זי מוז מען אלע מאל אריינציעהען אין דעם סאָציאליסטישען חשבון.

וואָס די ניט סאָציאליסטישע וועלט לייקענט אב אונזער סאָ־ציאליסטישע מאָראל, איז ניט קיין בעוויז און ניט קיין ארגומענט אנטגעגען אונז: זי לייקענט אויך אב אונזער  סאָציאליסטישען  א מ ת.  מיר ווערן אבער ניט נתפּעל דערפון, ווייל מיר ווערען דאָ אוועקגעשטעלט פאר א פּשוטען ממה נפשך:

אָדער מיר גלויבען אין אן אבסאָלוטען אמת, אז צ. ב. די עקאָנאָמיקע איז דער גרונד־פאקטאר פון דער גאנצער מענשליכער געשיכטע. איז יעמאלט ווערן מיר דאך ניט נתפּעל פון דעם, וואָס ביז קארל מארקס'ן האָט די מענשהייט שלעכט פערשטאַנען דעם אמת. מיר זאגען, אז אלע אנדערע געדאנקען, וואָס די מענשהייט האָט גע־טראכט ביז אהער, זענען געווען פאלש. קאָנען מיר דאך דאָס אויך זאָגען בנוגע צו דעם יושר. ביז צו דעם סאָציאליזם איז די מענשהייט נאך געווען בלינד אין הלכות גערעכטיגקייט, ווי זי איז ביז צו קאָ־פּערניק'ן געווען בלינד אין אסטראָנאָמיע, ביז צו דארווינ'ען בלינד אין דער ביאָלאָגיע.

אָדער — פּערקעהרט — מיר נעהמען אָן, אז די מענשהייט קאָן ניט ארויסבריינגען קיין אבסאלוטע אמת'ען ניט אין דער וויסענ־

אָבער שוין אין דעם סוף פון די זיעבענציגער יאָהרען האָט פרידריך ענגעלס ראדיקאל איבערגעביטען זיין שטאַנדפּונקט. אין זיין פּאָלעמיק אנטגעגען דיוהרינגען ברעננט ער ארויס דעם גערדאנק, אז דער א י נ ה אַ ל ט פון די מאָראַלישע אנשויאונגען בייט זיך אין דער געשיכטע און איז אלע מאל געווען א פּראָדוקט פון דעם קלאסען־קאמף און אז אויך איצטער ראנגלען זיך אין דער געזעל־שאפט ד ר י י מאָראל־סיסטעמען: די „קריסטליך־פעאָדאלע“, וואָס פערטרעט די פערגאנגענהייט, די „מאָדערן בירגערליכע“, וואָס פערטרעט די קאפּיטאליסטישע געגענוואַרט און די „פּראָלעטארישע צ ו ק ו נ פ ט ס ־ מאָראל“, וואָס האָט אין זיך די גרעסטע צאָהל לאַנג דויערנדע עלעמענטען, ווייל זי פערטרעט די צוקונפט.

„אַ מאָראל“, זאָגט ער, „וואָס זאָל שטעהען איבער די קלאסען־געגענזאצען און איבער דעם זכרון וועגען זיי, א ו ו י ר ק ל י ך מ ע נ ש ל י כ ע מ אָ ר א ל, וועט ערשט מעגליך ווערן אויף א שטופע פון דער געזעלשאפט, וואָס איז ניט נאָר פארטיג געוואָרען מיט דעם קלאסענגעגענזאץ, נאָר וואָס האָט איהם שוין פערגעסען אין דער פּראַקטיקע פון דעם לעבען“*).

נאָך ווייטער פאר ענגעלסען איז אין דעם פּרט אוועק געגאַנגען דער דריטער גרעסטער טעאָרעטיקער פון דעם מארקסיזם, קארל קויטסקי, וועלכער האָט אין דער מאָראל אויסגעפונען געוויסע עלע־מענטען, וואָס זענען לכתחילה געשטאַנען העכער פאר דעם ק ל א־ ס ע ן ־ ג ע ג ע נ ז א ץ, ווייל זיי זענען געבוירען געוואָרען, נאָך איידער דער מענש האָט געקאָנט בעשאפען א געזעלשאפט מיט איהר איינטיילונג אין קלאסען, נאָך איידער דער מענש איז געוואָרען א מענש. דאָס זענען די עלעמענטען, וואָס זענען נויטווענדיג ארויסגע־וואקסען פון דעם סאָציאלען צונויפלעבען, פון דער „געזעלשאפטלי־כער סאָלידאריטעט“, ווי מיר וואָלטען זיך אויסגעדריקט.

אָבער פון וואנען די מאָראל זאָל זיך ניט האָבען גענומען אין דער ווייטער־ווייטער פערגאַנגענהייט, ווען א מענשליכער בע־וואוסטזיין האָט אויפגעבליצט אין א האלב־מענשליכער, האלב חיה־שער געזעלשאפט, פון יעמאלט אָן איז זי אריין אין אונזער פלייש

*) זעה פר. ענגעלס, אַנטי־דאהרונג ז. 88—90.

יושר און עולות, וועגען דעם, וואָס עס „פּאַסט" פאַר א מענשען און וואָס עס איז ניט שעהן פאַר איהם, — האָט אַלע מאָל מיטגעווירקט ביי אַלע גרויסע איבערקעהרעניסען סיי אין דעם מענשליכען דענקען, סיי אין די מענשליכע האַנדלונגען.

מען קאַן און מען זאָל גענוי פאַרשען און זוכען, פאַר וואָס אין איין צייט האָבען די מענשען אויפגעפאַסט דעם יושר אין איין זין און אין דער אַנדער צייט אין אַן אַנדערן. מען דאַרף געוויס ניט אַרויסלאָזען פון אויג אויף די עקאָנאָמישע אומשטענדען פון דער צייט, וואָס גיעסען אַריין אַ בעשטימטען אינהאַלט אין דער מענשליכער איינטיילונג פון „יושר" און „עולות" פון „ניעדעריג" און „הויך" פון „איידעל" און „געמיין".

די איינטיילונג גופא איז אָבער אַ ז ע ל ב ס ט ־ ש ט ע נ ד י ג ע, וואָס פליעסט אַרויס פון דער מענשליכער נאַטור, ווי גרויס און שטאַרק עס זאָלען ניט זיין די בעדינגונגען, וואָס ווירקען אויף דער דאָזיגער מענשליכער נאַטור. און סוף־כל־סוף האָבען די מאַרקסיסטען אַליין געמוזט צוגעבען די ריכטיגקייט פון אָט דעם שטאַנדפונקט.

דעם לעזער מוז זיין בעקאַנט דער פאַקט, אַז אין דעם „קאָמוניסטישען מאַניפעסט" האָבען מאַרקס און ענגעלס נאָך געלייקענט, די מאָראַל זאָל קאָנען האָבען אַ זעלבסט־שטענדיגע בעדייטונג אונאָבהענגיג פון דעם, וואָס דער אינהאַלט פון איהרע אידעען בייט זיך פון דור צו דור און אויך פון קלאַס צו קלאַס. די זעלבסט־שטענדיגקייט פון דער מאָראַל איז נאָר אַ צ י י ט ו ו י י ל י ג ע, אַ היסטאָרישע, ווייל אַרויסגעוואַקסען איז זי פון דעם קלאַסען־קאַמף און וועט בלייבען אין דעם מענשליכען בעוואוסטזיין אַזוי לאַנג, ווי עס וועט נאָך הערשען דער קלאַסען־קאַמף. מיט דעם פערשווינדען פון די קלאַסען און פון זייער קאַמף וועט פערשווינדען די גאַנצע מאָראַל: ניט נאָר דער אָדער יענער בליק אויף דער פראַגע, וואָס איז גערעכט און וואָס איז אומגערעכט, נאָר איבערהויפּט די גאַנצע איינטיילונג פון מענשליכע האַנדלונגען, אייגענשאַפטען, כאַראַקטערען און ווילענס־שטרעבונגען אין „מאָראַליש" גוטע און „מאָראַליש" שלעכטע. דער פּראָלעטאַריאַט, האָט דער „מאַניפעסט" געלערנט, האָט גאַר נישט צו טהאָן מיט דער מאָראַל.

ליכען יושר, וואס זענען אויסגעוואקסען, א דאנק דעם קאפיטאליזם? און וועלכען בעסערן בעווייז דארף מען נאך, אז דער מאדערנער סאציאליזם איז ארויסגעוואקסען קודם כל ווי א מאראלישער פראטעסט אנטגעגען דער אומגערעכטיגקייט פון דעם קאפיטאליסטישען סיסטעם, אז ער איז ארויסגעוואקסען פון די עטישע קוואלען פון אונזער נשמה, אז דער עטישער פאקטאר איז דא געווען די הויפט־קראפט, וואס האט איהם ארויסגעבראכט אין לעבען?

אדער אפשר האט די פערשפרייטונג פון דעם סאציאליזם זיך געקאנט בעגעהן אהן דער עטיק, בפרט פון יענער צייט אן, זינט דער פראלעטאריאט האט אנגעהויבען גלויבען דעם מארקסיזם, אז די מאראל איז ניט מעהר ווי א פארביגער שוים, ארויסגעבראכט פון דעם ברויזענדען קלאסען־קאמף?

דער סאציאליזם האט זיך פערשפרייט צווישען די ארבייטער־מאסען קודם כל א דאנק דער פראפאגאנדא און דער אגיטאציע פון די סאציאליסטען, א דאנק דער קריטיק פון די איצטיגע צושטענדען, וועלכע די פראפאגאנדא האט אריינגעבראכט אין זייערע מוחות, און די גרונדלאגע פון יענער קריטיק איז אלע מאל געווען און איז איצטער געבליבען אן עטישע, א פראטעסט אנטגעגען די עולות און אומגערעכטיגקייטען, וואס ווערן בעגאנגען פון דעם קאפיטאליסטישען סיסטעם.

און דאס איז דער פאל ניט נאר מיט דער סאציאליסטישער בעוועגונג. וועלכע פראגרעסיווע בעוועגונג איהר זאלט ניט נעהמען אין דער מאדערנער מענשליכער געשיכטע, וועט איהר געפינען, אז זי איז געווען געטראגען פון געוויסע מאראלישע אידעאלען, פון געדאנקען וועגען אמת און יושר, וואס האבען פריהער אנגעצונדען די הערצער פון די יחידי סגולה, פון דער אינטעליגענץ, — אלין איינס דער געבילדעטער אדער דער ניט געבילדעטער, — און דערנאך האט זיך דער פייער אריבערגעשלאגען אין די הערצער פון די מאסען, וואס האבען יענע בעוועגונג דורכגעפיהרט אין לעבען.

די פאקטען פון דער געשיכטע בעווייזען אונז אויף שריט און טריט, אז די עטיק, — אָ־ער די מענשליכע פארשטעלונגען וועגען

דער אויפשוואונג פון דער אינדוסטריע אויף דעם יסוד פון דעם קאפיטאליזם האט דערהויבען דעם דלות און דעם עלענד פון די מאַסען צו דער מדרגה פון א לעבענס־בעדינגונג פאר דער געזעלשאפט. די צאהל פון פערברעכענס האט צוגענומען פון יאהר צו יאהר. די פעאדאלע צולאזענקייטען, וואס פלעגען זיך פריהער אהן מורא בעווייזען אין מיטען העלען טאג, זענען ניט פערניכטעט געווארען, אבער פארט ביז וואנען וואס אוועקגעשטופט געווארען אין דעם הינטערגרונד. דערפאר אבער האבען די בירגערליכע צולאזענקייטען, וואס האבען זיך ביז אהער געהאלטען אין דער שטיל, גענומען פרוכפערן אויף א געהויבענעם שטייגער. דער האנדעל האט זיך אלץ מעהר און מעהר ענטוויקעלט צו רמאות. די „ברידערליכקייט" פון דער רעוואליוציאנערער דעוויזע האט זיך פערווירקליכט אין די שיקאנען און דער קנאה פון דעם קאנקורענץ־קאמף. אנשטאט דער שפאגע האט גענומען פיהרען די גרענדע דאס געלד. דאס רעכט אויף דער ערשטער נאכט איז פון דעם פעאדאלען פריין אריבערגעגאנגען צו דעם פאבריקאנט. די פראסטיטוציע האט זיך גענומען אויסברייטען אין א ביזהער אומגעהערטער מאס. דער חופה־זיווג איז, ווי פריהער, געבליבען די געזעצליכע פארם, דער אפיציעלער דעקמאנטעל פאר דער פראסטיטוציע און האט זיך גענומען דערגענצען דורך רייכליכע אומטריישאפט. קורצאום, די געזעלשאפטליכע און פאליטישע אינסטיטוציעס, וואס „דער נצחון פון דעם שכל" האט זיי אריינגעפיהרט אין לעבען, האבען זיך ארויסגעשטעלט, ווען מען האט זיי פערגליכען מיט די צוזאגען פון די אויפקלעהרער, ווי קאריקאטורען, וואס רופען ארויס א ביטערן יאוש. עס האבען נאר געפעהלט די מענשען, וואס זאלען אט דעם יאוש קאנסטאטירען, און אט די מענשען זענען געקומען מיט דעם אנהויב פון דעם נייעם יאהרהונדערט. 1802 זענען ארויס סען־סימאן'ס „זשענעווער בריעף"; 1808 איז ארויס פוריע'ס ערסטער ווערק... דעם ערשטען יאנואר 1800 האט ראבערט אווען איבערגענומען די לייטונג פון ניו־לאנארק"*). וואס שילדערט דא ענגעלס אנדערס, איידער די פערברעכען אנטקעגען דעם געזעלשאפט־

*) פריעדריך ענגעלס, דארמען גופא, ז. 275.

מאָראַל, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט זיין סאָציאַליזם, מוז יעדער צווייפעל פערשווינדען בנוגע צו זיינע רביים אין דעם סאָציאַליזם, די וואָס האָבען אַוועק געלעגט דעם פונדאַמענט פאַר דעם מאָדערנעם סאָציאַליסטישען אידעאַל, — די ראָבערט אָווען, סען־סימאָן, פוריע.

„דער מאָדערנער סאָציאַליזם, זאָגט עדות פרידריך ענגעלס, איז לויט זיין אינהאַלט קודם כל אַ פּראָדוקט פון דעם בליק פון איין זייט אויף די קלאַסען־היפּכים וואָס הערשען אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט, — פון בעזיצענדע און בעזיצלאָזע, לוין־אַרבייטער און בורזשוא, — פון דער אַנדער זייט אויף דער אַנאַרכיע, וואָס הערשט אין דער פּראָדוקציע“*).

דערזעלביגער ענגעלס דערצעהלט אונז אויך וועגען די מאָטיווען, פאַרוואָס די גרויסע אוטאָפּיסטען האָבען זיך פעראינטערעסירט מיט דעם עקאָנאָמישען לעבען פון זייער צייט און מיט די סאָציאַלע פּראָבלעמען, וואָס וואַקסען פון איהם אַרויס.

זיי האָבען איבערגעלעבט די צייט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָליוציע. זיי זענען געשטאַנען אונטער דער השפּעה פון יענע אידעאַלען, וועלכע די „אויפקלעהרער“ פון דעם 18טען יאָהרהונדערט האָבען אויסגעאַרבייט, — די אידעאַלען פון דעם אבסאָליוטען „אמת“ און דעם אבסאָליוטען „יושר“, אַרויסגעבראַכט פון דעם „אבסאָליוטען“ מענשליכען שכל, וואָס האָבען געפאָדערט די אבשאַפונג פון אַלע פעאָדאַלע בעגרעניצונגען און די איינפיהרונג פון דער בירגערליכער פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט. זיי, די „אוטאָפּיסטען“, האָבען אין זייער יוגענד אויך געגלויבט, אַז די פּאָליטישע פרייהייט אַליין קאָן רעטען די מענשהייט פון אַל׳ דאָס בייז. דאָס לעבען האָט זיי אָבער בעוויזען, אַז אָט דער חשבון פון די בעסטע מענשען אין דער רעוואָליוציאָנס־צייט איז געווען אַ פאַלשער.

און אָט ווי ענגעלס שילדערט, ווי אַזוי די ווירקליכקייט האָט צוקריפּעלט די גרויסע האָפענונגען פון דעם פּאָליטישען ליבעראַליזם.

„דער היפּך פון אָרעם און רייך איז אַנשטאַט צו שמעלצען אין אַן אַלגעמיינעם וואויל־שטאַנד, נאָך מעהר פערשאַרפט געוואָרען...

*) פריעדריך ענגעלס, אַנטי־דאַהרונג, ז. 1.

און קאַרל מאַרקס האָט אויך געהאַט אין זיך די ליידענשאַפט פון דעם געזעלשאַפטליכען  י ו ש ר,  ניט קוקענדיג דערויף, וואָס ער האָט גראָד אויסנעלאַכט די, וועלכע פלעגען רעדען וועגען דעם און וועלכע האָבען אין זיין צייט געוואָלט בעגרינדען דעם סאָציאַליזם אויף די פאָדערונגען פון גערעכטיגקייט.

לייענט זיינע טיעף וויסענשאַפטליכע ווערק. אפילו דאָרטען, וואו ער בעהאַנדעלט די מענשען, ווי מאַטעמאַטישע ציפערן, אָדער ריכטיגער, ווי נאַטור־קרעפטען, ווי ווינד, פייער און עלעקטריציטעט, רייסט זיך דורך דער פלאַם פון זיין צאָרן אַנטקעגען יענע צושטענדע, וועלכע ער פאָרשט אויס מיט דער קאַלטקייט, דאַכט זיך, פון אַן אַסטראָנאָם אָדער א מאַטעמאַטיקער.

פאַר וואָס זאָגט ער וועגען דער „עקספּראָפּריאַציע פון דעם אונמיטעלבאַרען פּראָדוצענטען“, אַז „זי איז דורכגעפיהרט געוואָרען מיט דער אום׳ברחמנות׳דיגען וואַנדאַליזם און אונטער דעם טריעב פון די אינפאַמסטע, שמוציגסטע, קלייגליכסט געהעסיגסטע ליידענשאַפטען?“

וואו נעהמט ער דעם קריטעריום, לויט וועלכען ער זאָל געוויסע מענשליכע ליידענשאַפטען בעטראַכטען ווי „שמוציג“ און „קלייגליך“, געוויסע מענשליכע האַנדלונגען, — וואָס זענען נאָך דערצו געוועזען היסטאָריש נויטווענדיג, לויט זיינע אָנשויאונגען,—ווי „וואַנדאַליש“? איהר פרעגט: וואו? — אין דעם מקור פון זיין אייגענער נשמה, און דעם זעלביגען מקור, וואָס האָט איהם געטריבען צו דעם סאָציאַליזם, וואָס האָט איהם געצוואונגען מקריב צו זיין זיין גאַנצען לעבען פאַר דער סאָציאַליסטישער טהעטיגקייט,— אין דער ליעבע צו דעם געזעלשאַפטליכען יושר.

קאַרל מאַרקס, דער טעאָרעטיקער און דענקער, האָט הוזק געמאַכט פון דער מאָראַל. פאַר קאַרל מאַרקס, דעם מענשען, איז זי געוועזען דער לעבענס־אָטהעם, די נשמה פון זיין נשמה, די צענטראַל־קראַפט, וואָס האָט אָנגעטריעבען זיין גאַנצע, היסטאָריש ווירקזאַמע טהעטיגקייט.

און אויב בנוגע צו מאַרקסען קאַן זיך נאָך ביי איינעם אין האַרצען אפשר פער׳גנב׳ענען א שמץ פון ספק וועגען דער ראָליע פון דער

פינען דעם ריכטיגען וועג פאר דעם סאָציאַליסטישען פּראָלעטאַריאַט ?

האָבען איהם דערביי געצווּיגען די ליידענשאַפטען פון געלד, כבוד און מאכט? געוויס ניט! די שיפען, וואָס וואָלטען איהם געפיהרט צו יענע גיטער פון „עולם הזה“ האָט ער אליין פערברענט הינטער זיך.

א דאנק די מאטעריאלען וואָס זענען פערעפענטליכט געוואָרען אין דער צייט פון נאָך זיין טויט, ליעגט זיין פערזענליכער לעבען און זיין פערזענליכער כאראקטער קלאָר און אָפען פאר אונז. ביי אלע מענשליכע חסרונות, וואָס מען קאָן געפינען אין זיין כאראקטער (און זיי זענען געווען ביי איהם, ווי ביי יעדען מענשען) לייכט אונז אנטקעגען קודם כל די צענטראל־ליידענשאַפט פון זיין נשמה: די ליעבע צום אמת, די דאָרשט אויסצופאָרשען און צו דערגרונטעווען א זאך, וואָס האָט איהם פעראינטערעסירט, ביז צו איהר טיעפסטער טיעף.

אָבער די ליעבע אליין — אויסצוגעפינען דעם אמת — וואָלט נאָך ניט געקאָנט מאכען פון קארל מארקסען א קארל מארקס. עס זענען געווען אומדערשראָקענע פאָרשער, וואָס האָבען געזוכט דעם אמת, און אז זיי האָבען איהם אויסגעפונען און האָבען פערשטאַנען, ווי געפעהרליך עס איז ארויסצוטרעטען מיט איהם אין דער עפענטליכקייט, האָבען זיי זיך געשטיקט מיט איהם אין דער שטיל, כדי ניט צו דערצערענען די גענז, פון וועלכע עס איז אָבגעהאַנגען זייער עקזיסטענץ. ערשט נאָך זייער טויט האָט מען געפונען זייער „ווידוי“, וואו זיי האָבען ארויסגעזאָגט זייער ראדיקאלע עפּיקורסות. דעם גאנצען לעבען האָבען זיי געטראָגען א מאַסקע אויף זייער פנים.

קארל מארקס האָט געהאַט צופיעל רעספּעקט צו זיין אייגענער חשיבות, ער זאָל זיך בעהאַלטען און שטיקען מיט דעם אמת, וואָס ער האָט אויסגעפינען. ער האָט געהאַט אין זיך די מדה פון דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ, וועלכער האָט זיך געלאָזט פערברענען אויף דעם פלאַקער פון דער אונקוויזיציע, ווייל ער האָט ניט געוואָלט עפענטליך אָבלייקענען זיין גלויבען אין קאָפּערניקס אַסטראָנאָמישע טעאָריע, — די מדה פון געהן אויף קדוש השם.

מאכט, תענוג ! עולם הזה, גוטע פריינד, א רוהיגען לעבען, אדער אויפרודערנדע פערגעניגענס, אבער אויך : אמת, יושר, שעהנקייט און אבהיטען די אייגענע חשיבות, דעם רעספעקט צו זיך אליין, ווי צו א מענשען.

די טאָג־טעגליכע ערפאהרונגען בעווייזען אונז, אז אפילו די גאָר שלעכטע מענשען (פאַר וואָס רופט מען זיי שלעכטע ?), ביי וועמען געלד, כבוד, מאכט און תענוג! עולם הזה, שפּיעלען די ערשטע פיעדעל אין זייער נשמה, וואָלטען אויך גרייליך געוואָלט לעבען לויט דעם אמת, יושר, שעהנקייט און חשיבות, אויב זיי זאָלען דערביי ניט דארפען מקריב זיין עפּעס פון יענע גיטער, וואָס זענען זיי טייערער פאַר אלין. זיי וואָלטען געוואָלט זיין „גוטע“ און „שעהנע“ מענשען, אויב דאָס זאָל גאָר נישט ניט קאָסטען.

הייסט עס אז די ליעבע צו די „העכערע“ גיטער (פאַר וואָס רופט מען זיי „העכערע“ ?) איז אן אלגעמיין מענשליכע ערשיינונג.

לאָמיר די ערשטע ארט גיטער, וועלכע דער אלגעמיינער בעוואוסטזיין פון דער מענשהייט האָט א נאָמען „די ניעדעריגערע“, אנרופען די א־מאָראַלישע, אדער ניט־מאָראַלישע, ווייל זיי געהען אפשר ניט להיפך צו דער מאָראל, אבער זיי האָבען אין זיך ניט קיין ברעקעל עטישען ווערטה. לאָמיר דעם אנדער קלאַס גיטער, די „העכערע“ אנרופען מ אָ ר א ל י ש ע גיטער און לאָמיר דעם ע ט י ש ע ן פ א ק ט אָ ר אין דער ג ע ש י כ ט ע אנרופען דאָס „עגאָאיסטישע“ שטרעבען פון די מענשען צו דערגרייכען די העכערע מאָראלישע גיטער, וועלכע זיי ליעבען אן אנדערשמאָל אקוראט אזוי „עגאָאיסטיש“ ווי די ניעדעריגערע.

וואָס האָט ליעב געהאט קארל מארקס ? וואָס האָט געטריעבען איהם, דעם זוהן פון א רייכען בורזשוא, דעם איידעם פון א רייכען דייטשען אריסטראָקאט, מיט א זיכערער אויסזיכט אויף א גלענצענדער קאריערע, — יואָס האָט איהם געטריבען אבצוזאָגען זיך פון אלע „געשמאקע“ זאכען פון דעם „עולם הזה“, פיהרען א לעבען אין אויסערליכער דחקות און נויט, כדי אויסצושטודירען דעם פּראָצעס פון דער קאפּיטאליסטישער עקספּלאָאטאציע און אויסנע־

# פיערטער קאַפּיטעל

## וועגען דעם עטישען פאַקטאָר אין דער געשיכטע און דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם.

פון אַלע ניט־עקאָנאָמישע, „אידעאָלאָגישע“ פאַקטאָרען איז דער וויכטיגסטער פאַר דעם רעוואָליוציאָנערען סאָציאַליזם דער עטישער, אָדער דער מאָראַלישער פאַקטאָר.

מיר מוזען דעריבער זעהן קלאָר צו ווערען בנוגע אַט דעם וויכטיגסטען פאַקטאָר. האָט ער געשפּיעלט און שפּיעלט נאָך ער היום א וועלכע עס איז בעדייטענדע זעלבסטשטענדיגע ראָליע אין דעם מענשליכען פּראָגרעס ?

לאָמיר ווידער נעהמען פאַר א ביישפּיעל יענע געשיכטליכע פּאַסירונג, וואָס שטעהט צו אונז אם נאָהנסטען און וועלכע מיר האָבען שוין אויבען אויסגענוצט : די ענטוויקלונג און דער פאַר־נאַנדערגאַנג פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג. מיר האָבען גע־זעהן, אז דער מאָמענט פון דער פּערזענליכקייט האָט גע־שפּיעלט אין איהר אַן אומגעהויער וויכטיגע ראָליע : דאָס איז גע־ווען די שעפּפערישע טהעטיגקייט פון אַן איינצעלנעם היסטאָרישען טהוער, פון א גייסטיגען העלד, — אויב איהר ווילט, א גייסטיגען ריעז, — פון איינעם א מענשען מיט'ן נאָמען קאַרל מאַרקס.

די האַנדלונגען פון קאַרל מאַרקס זענען געוויס געווען א פּועל־יוצא פון זיינע אינווענינסטע מאָטיווען. אין וועלכע עס האָט זיך אָבגעשפּיעלט זיין גאַנצע פּערזענליכקייט. וואָס זענען דאָס געווען פאַר מאָטיווען ?

כדי צו פעראיינפאַכען אונזער אויפגאַבע, לאָמיר זיך אַוועקשטעלען אויף דעם ריין עגאָאיסטישען שטאַנד־פּונקט (ווען אפילו איך האַלט, אַז די עגאָאיסטישע היפּאָטעזע וועגען דער מענשליכער נאַטור איז אַן אויבערפלעכליכע און א פאַלשע.) לאָמיר אָננעהמען, אַז יעדער מענש שטרעבט צו דעם, וואָס ער האָט ליעב, לאָז זיין עגאָאיסטיש ליעב.

מענשען האָבען אָבער ליעב פערשיידענע זאַכען : געלד, כבוד,

ריכטונג איז א דיאַגאָנאַל, דער אַלכסון פון די אַלע ריכטונגען. אויב צ. ב. איין קראַפט וועט ציעהען צו צפון און די אַנדערע קראַפט צו מזרח, וועט די הערשענדע ריכטונג געהן אין דער מיט, צו צפונית־מזרחית. איצטער שטעלט זיך פאַר אז די קראַפט וואָס ציעהט צו צפון זאָל פּלוצלונג א טראַכט טהאָן : די בעוועגונג וועט דאָך סיי ווי סיי געהן ניט קיין צפון, נאָר אין צפונית־מזרחית, הייסט צו וואָס זאָל איך מיך רייסען קיין צפון זייט ? א מעהר, לאָם איך אויך אָנהויבען ציעהען, וואוהין עס טראָגט די אַלגעמיינע טענדענץ.

וואָס וואָלט געווען דערפון דער רעזולטאַט ? דער רעזולטאַט וואָלט געווען, אז די הערשענדע טענדענץ וואָלט מוזען אויפהערען צו זיין „צפונית־מזרחית“, ווייל זי וועט זיך נאָך מעהר דערנעהנטערען צו דער מזרח־קראַפט, א דאַנק דעם וואָס די צפון קראַפט האָט זיך איינגעבויגען צו איהר.

דער ב ע ר נ ש ט י י נ י א נ י ז ם און אַלע רעאַקציאָנערע רעזולטאַטען, וואָס זענען ארויסגעוואַקסען פון איהם, זענען די בעסטע איליוסטראַציעס צו אָט דעם געדאַנק. די מאַרקסיסטישע אינטעליגענץ האָט זיך צ ו ג ע ב ו י ג ע ן צו דעם „נאַטירליכען ענטוויקלונגס־גאַנג“, וועלכען זי האָט אויסגערעכענט על פי דער נייעסטער סטאַטיסטיקע, און דער סאָציאַליזם איז אראָב פון זיין וועג... קויטסקי איז דעריבער געווען זעהר גערעכט, ווען ער האָט זיך אויף די עלטערע יאָהרען א כאַפּ געטהאָן פּרעדיגען דעם „רעוואָלוציאָנערען אידעאַליזם“.

די אינטעליגענץ שפּיעלט א זעלבסט שטענדיגע ראָליע אין דעם געשיכטליכען פּראָצעס. זי איז א י י נ ע פון די קרעפטען, וואָס סוממירען זיך אין דעם היסטאָרישען אַלכסון. דעריבער קאָן זי נאָר יעמאָלט ארבייטען אין דער ריכטונג פון דעם „נאַטירליכען ענטוויקלונגס־גאַנג“, ווען ער שטימט צונויף מיט איהרע אידעאַלען. באַם ניט, טהאָר ניט מאַכען קיין איין ברעקעל הנחה צו איהם, ווייל דורך דעם גופא פערשטאַרקט זי אומפּערדיענטערהייט זיין מאַכט.

גען און ווערען א לאָזונג פאר דער פּאָליטישער פּאַרטיי ? און ווער האָט געקענט זיך משער זיין, אז אָט די מאַרקסיסטישע געדאַנקען וועלען ווירקען אין דער געשיכטע מיט אזא געוואַלדיגען אימפּעט ?

ווער האָט פאר אונזער צייט געקאַנט פאָראויסזעהן יענע ק ר י ט י ש ע כוואַליע, וואָס האָט זיך א גאַס געטהאָן אין דער וויסענשאַפט און אין דער פילאָסאָפיע און האָט צוואויקט און צו־געסען די פעסטעסטע פונקטען פון דער מאַטעריאַליזם, דעם דאַר־וויניזם און דעם מאַרקסיזם ?

ווער האָט פאר בערגסאָנען געקאָנט האָבען א בעגריף פון יענע נייע פילאָסאָפישע געשטאַלטען, וואָס זענען אין בערגסאָן'ס זשעניע ארויס געשוואוּמען פון יענער קריטישער כוואַליע ?

דאָס זענען אַלץ פּראָדוקטען פון דער פריי שאַפענדער קראַפט, וועלכע ניט קיין אנדערער, נאָר מאַרקס אליין האָט א נאָמען גע־געבען : „די מענשליכע קראַפט, וואָס האָ טאיהר ציעל אין זיך גופא“ און וואָס מיט קיינע עקאָנאָמישע חשבונות קאָן מען ניט אויסרעכענען אין פאָראויס איהר לויף און איהרע רעזולטאַטען.

בלייבען אבער די פרייע שעפּפונגען פון די זשעניען און די ריכטונג פון דער אינטעליגענץ אָן אומבעקאַנטע גרויס, מוז יעמאָלט אויך דער פּראָדוקט פון יענע היסטאָרישע ענערגיען בלייבען אומבע־קאַנט, אין וועלכען יענע אומבעקאַנטע גרויס געהט אריין, ווי א צונויפשטעלענדער טייל.

דערפון איז אויך ממילא קלאָר דער צווייטער רעזולטאַט, וואָס בעשטעהט אין דעם, אז די אינטעליגענץ קאָן ניט האָבען די אויפ־גאָבע צו ווירקען אין דער ריכטונג פון דער געשיכטליכער טענדענץ, נעהמען פאר דעם ציעל פון איהר טהעטיגקייט יענע ענד־סטאַנ־ציע, צו וועלכער עס טראָגט זיך כלומרשט דער שטראָם פון דער היסטאָרישער ענטוויקלונג.

דער ליידער צו יונג פערשטאָרבענער סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָ־נער מ י כ אָ ל ג אָ ץ האָט אָט דעם געדאַנק בעלויכטען אויף א גלענצענדען אופן.

אין דער געשיכטע. ווי אין דער נאַטור, זעגט ער, האָבען מיר אלע מאָל צו טהאָן מיט א פּאַראַלעלאָגראַם פון קרעפטען, וואָס צי־הען די געזעלשאַפט אין פערשיידענע ריכטונגען. די הערשענדע

די טהעטיגקייט פון דער אינטעליגענץ האָט דעריבער א זעלבסטשטענדיגען געשיכטליכען ווערטה. זי טראָגט אריין איהר אייגענע ענערגיע אין דעם שפּיעל פון יענע קרעפטען, וואָס בעשטימען אין דער לעצטער שורה דעם גאנג פון דער געשיכטליכער ענטוויקלונג.

אָט פון דעם ריכטיגען בליק אויף דער בעדייטונג פון דער אינטעליגענץ וואקסען ארויס אונגעהויער וויכטיגע רעזולטאַטען פאר די בעטראכטונג פון דעם געשיכטליכען פּראָצעס און פאר דער אויפגאבע פון דער אינטעליגענץ.

קודם קאָן מען שוין דערפון אליין לייכט איינזעהען ווי אוממעגליך עס איז פאראויסצוזאָגען אויף זיכער דעם גאנג פון די היסטאָרישע פּאַסירונגען. מיר האָבען געזעהן אז די ניט עקאָנאָמישע געשיכטס־קרעפטען האָבען זייער אייגענע ענטוויקלונגס־געזעצען אין דעם מענשליכען בעוואוסטזיין. ווילען מיר פאראויסזעהן וואוהין עס שטרעבען יענע קרעפטען, דארף אונז די וויסענשאפט קאָנען געבען א מיטעל אין די הענד, פאראויס צו רעכענען, וואָס וועט זיין דער קינפטיגער צושטאנד פון דער וויסענשאפט, פון דער פילאָזאָפיע, פון דעם רעכטס־בעוואוסטזיין, פון דעם רעליגיעזען גלויבען, פון די מאָראַלישע אנשויאונגען און אזוי ווייטער. דאָס קאָן אונז אָבער די וויסענשאפט בשום אופן ניט געבען, ווייל קיינער קאָן זיך ניט משער זיין, וועלכע געניאַלע פערזענליכקייטען עס וועלען ארויפטרעטען אויף יענע פעלדער פון דעם מענשליכען געדאנק, וועלכע געניאַלע געדאנקען זיי וועלען ארויסברענגען, וועלכער פון זיי וועלען איינווירקען אויף דעם בעוואוסטזיין פון דער אינטעליגענץ און דורך דעם גופא ווערן א געשיכטליכער פאקטאָר. אויך קאָן מען ניט וויסען, ווי שטארק עס וועט זיין זייער היסטאָרישער אימפּעט.

ווער האָט פאר מארקסען זיך געקאָנט פאָרשטעלען א צונויפגוס פון אזעלכע געדאנקליכע היפכים, ווי די העגעל'שע ווידערשפּרוך־דיאַלעקטיק און דער מאטעריאַליזם ? ווער האָט פאר דעם מארקסיזם געקאָנט פאָרויסזעהן, אז דער סאָציאַליזם, וואָס האָט אזוי הארטנעקיג געקעמפּט אנטקעגען פּאָליטיק, וואָס האָט מיט אזא'ן עקעל געקוקט אויף די וועגען פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע, זאָל פּלוצלונג אליין ארויפ־טרעטען אויף דיזעלבינע ווע־

די נויטען פון דעם עקאָנאָמישען פּראָצעס האָבען ארויסגעבראכט יע־נע גרויסע איבערקעהרענים אין די מענשליכע מוחות.

אָבער אנשטאָט אָט דעם נויטיגען בעווייז, שיקט מען אונז נאָר אָב קיין אלט־מצרים, און מען דערצעהלט אונז, אז די עקאָנאָ־מישע נויטען פון אלט עגיפּטען האָבען געצוואונגען די יעמאָלט׳־דיגע געלערנטע צו שטודירען די פערפלייצונגען פון דעם טייך נילוס, די צייטען, אין וועלכע זיי קומען פאָר; אז דאָס האָט געפיהרט צו דער בעאָבאכטונג פון דעם שטערען גאנג אויפ׳ן הימעל, און אז אויף אזא׳ן אופן איז געבוירען געוואָרען די אסטראָנאָמיע.

מיר פרעגען: וועלכע עקאָנאָמישע נויטען און אינטערעסען האָבען אין דעם זעכצעהנטען יאָהרהונדערט ארויסגעבראכט די קאָפּערניקאנישע טעאָריע, אז די זון שטעהט און די ערד דרעהט זיך? און מען ענטפערט אונז: אין אלט־מצרים איז די אסטראָנאָמיע גע־באָרען געוואָרען פון עקאָנאָמישע נויטען... מיט איאָהר אכט־טוי־זענד, איידער קאָפּערניקס געבורט...

פון וואנען די ניט־עקאָנאָמישע פאקטאָרען זאָלען ניט שטאַ־מען, איז פאר אונז וויכטיג צו וויסען נאָר איינס, אז זיי האָבען זייער אייגענע קראפט אין זיך; אז זייער אייגענע ענטוויקלונג ברענגט ארויס געדאנקען, וואָס בעהערשען די מוחות פון די געניאלע מענ־שען און דער ענטעליגענץ און רופען ביי זיי ארויס געוויסע אי־דעאלען, און אז יענע אידעאלען ווערען אונטער געוויסע אומשטענ־דען א געשיכטליכע מאכט, ווען זיי צינדען אָן מיט זייער פייער די מוחות און די הערצער פון די מאסען.

היוצא מדברינו איז, אז סיי די געשיכטליכע ווירקונג פון די גרויסע פערזענליכקייטען, סיי די ראָליע פון די אידעאלאָגי־שע פאקטאָרען און ממילא אויך פון דער גאנצער אינטעליגענץ קאָ־נען ניט דערקלעהרט ווערן אויף א מארקסיסטישען אופן.

די געדאנקען און די אידעאלען פון דער אינטעליגענץ זענען ניט קיין שאָטענס, וואָס געהען נאָך נאָך דער עקאָנאָמישער ווירקליכ־קייט, זיי זענען זעלבסט־שטענדיגע היסטאָרישע קרעפטען, וואָס קאָ־נען אומענדערן די היסטאָרישע ווירקליכקייט, ווי די געדאנקען פון קארל מארקס און די מארקסיסטען האָבען פערשטארקט און אומ־געענדערט די גאנצע סאָציאליסטיש׳ע בעוועגונג.

גענע אינוועניגסטע ענטוויקעלונגס־געזעצען און אז זיי ווירקען איי־נער אויף דעם אנדערן.*)

די שאלה איז אבער, זאגט ער, וואס איז דער מקור. פון וואַ־נען זיי אַלע האָבען גענומען ארויספליעסען? און אז מען טראכט זיך אריין אין גאַר די ערשטע פאזיסען פון דער מענשליכער ענט־וויקעלונג, זעהט מען, אז זיי אַלע האָבען זיך געקאנט נעהמען נאָר פון איין מקור: פון דער „עקאָנאָמיקע“.

איז דאָס אבער אַן ענטפער אויף אונזער שאלה? דער מארק־סיזם איז דאָך ניט נאָר פעראינטערעסירט אין דעם, אויסצוגעפי־נען, פון וואנען די געשיכטליכע קרעפטען האָבען זיך גענומען. ער איז נאָך מעהר פעראינטערעסירט אין דעם הויפט־פּראָבלעם זיי־נעם: אויסצופארשען די געשיכטליכע מ א כ ט פון יעדען פאַק־טאָר. ער טרעט ארויס מיט דעם זיכערען גזר־דין, אז אין י ע ד ע ר פעריאָדע פון דעם געשיכטליכען לעבען איז דער עקאָנאָמישער פאַק־טאָר דער מעכטיגסטער און אז אַלע אנדערע געשיכטליכע קרעפטען טאנצען נאָך נאָך זיין פייפעל. איז — וואָס ווערט דאָ געוואונען, ווען מען געפינט אויס אז אַלע פאַקטאָרען ש ט א מ ע ן א ב פון דער עקאָנאָמיק?

אפילו ווען דאָס זאָל זיין ריכטיג, בלייבט דאָך נאָך נטי בע־וויעזען, אז די עקאָנאָמיק, די מוטער פון אַלע אנדערען געשיכטס־קרעפטען, איז נאָך אַלץ די באַלאַבאָסטע אויף זיי און מייסטערט זיי לויט א י ה ר ווילען. יעדער היסטאָריקער, צ. ב., מוז צוגע־בען, אז קאָפּערניקס טהעאָריע אין דער אסטראָנאָמיע האָט ארויס־גערופען א גאנצע רעוואָליוציע אין דעם געשיכטליכען לעבען. מיר ווילען דערקלעהרען ע ק אָ נ אָ מ י ש, ווי אַזוי די דאָזיגע רע־וואָליוציע איז פארגעקומען; מיר פאָדערן דערביי פון דעם מארק־סיזם, ער זאָל בעווייזען, אז אויך די קאָפּערניקאנישע טעאָריע איז אין איהר צייט ארויסגערופען געוואָרען פון עקאָנאָמישע קרעפטען, ער זאָל אונז קלאָר מאכען ווי אַזוי מען קאן גלויבען, אז ניט די אינוועניגסטע לאָגיק פון דער אסטראָנאָמישער וויסענשאַפט, נאָר

*) זעה צ. ב. די צווייטע אויפלאגע פון זיין בוך, ז. 166.

פון דער עקאָנאָמיק און פאָרמולירען ניט די אינוועניגסטע לאָגיק פון אַ וועלכען עס איז קלאַס.

און אַזוי איז די מעשה אויך מיט די אידעען און די אידעאַלען פון אַלע אנדערע גרויסע מענשען אין דער געשיכטע, און אויף אַזאַ'ן אופן איז די מענשליכע געשיכטע פול און פיעל מיט ערשיי־נונגען, וואָס שטאַמען ניט פון דעם עקאָנאָמישען „וואָרצעל“, נאָר וואָס וואַקסען אַרויס דירעקט פון דעם גאונ'ס שעפּפערישער מאַכט.

מיר געהען איצטער איבער צו דער צווייטער פראַגע: דער ראָ־ליע פון די ניט־עקאָנאָמישע אָדער אידעאָלאָגישע פאַקטאָרען אין דער געשיכטע.

אויך דאָ בעווייזען אונז די פאַקטען אויף שריט און טריט, אַז אין דער געזעלשאַפט ווירקען אין איינעם אַ סך פאַקטאָרען: דער עקאָנאָמישער, דער יורידישער, דער וויסענשאַפטליכער, דער נאַציאָנאַלער, דער מאָראַלישער, דער עסטעטישער, דער רעליגיעזער, דער פילאָסאָפישער און אַזוי ווייטער. יעדער פון די פאַקטאָרען האָט זיין אייגענעם ענטוויקעלונגסגאַנג, זיין אייגענע אינוועניגסטע לאָגיק, זיינע אייגענע געזעצען. אָבער זיי זענען צונויפגעפלאָכטען אין איינעם און אין יעדען געשיכטליכען מאָמענט ווירקען זיי איינער אויף דעם אַנדערן. די אַסטראָנאָמיע מאַכט אַ וועלכע עס איז ענט־דעקונג, וואָס רופט זיך אָב אויף דער רעליגיע, דער פערענדעטער צושטאַנד אין דעם רעליגיעזען גלויבען קאָן אַרויסברינגען אַ נייע פילאָסאָפיע, די נייע פילאָסאָפישע אַנשויאונגען קאָנען פיהרען צו אַנדערע וויסענשאַפטליכע אונטערזוכונגען, יענע אונטערזוכונגען צו אַ גאַנץ נייער טעכניק, וואָס ווירקט אויף די ענטוויקעלונג פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטען. און דער נייער צושטאַנד פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטען קאָן אַרויסברינגען אַ גאַנצע נייע גרופּירונג פון געזעל־שאַפטליכע קלאַסען.

לייקענט דער מאַרקסיזם די דאָזיגע אומדערשיטערליכע פאַק־טען? בשום אופן ניט! ער גיט זיי צו אין זייער גאַנצען אומ־פאַנג. בעלטאָוו, צ. ב., זאָגט אין זיין בוך בפירוש, אַז די ניט־עקאָנאָמישע „פאַקטאָרען“ עקזיסטירען, אַז זיי האָבען זייערע איי־

שער אנאַליז איז דאָ געמאַכט געוואָרען ריכטיג. איך רעכען, אַז ניט קוקענדיג אויף זיין כלומרשט'דיגער טיעף (ביז צום סאַמע עקאָנאָמישען וואָרצעל זיך דערגראָבען!) איז ער זעהר אויבערפלעכליך און איינזייטיג. נאָר — לאָז זיין, אַז דער אנאַליז איז געמאַכט געוואָרען שטרענג וויסענשאַפטליך און פּינקטליך. אָבער דאָס וועט דאָך אויך דער מאַרקסיסט ניט לייקענען: דעם פּויער איז ט י י ע ר געוואָרען דער געדאַנק פון אַן אייגענעם מלך, אין וועלכען ער נויטיגט זיך גאָר ניט. און געשעהען איז דאָס דערפאַר, ווייל אָט דער אידעאַל האָט זיך ביי זיינע אידעאָלאָגען צונויפגעבונדען מיט דעם „עיקר", דער האָפענונג אויף וואָלוועלע זאַלץ. אויף אַזאַ'ן אופן איז דער נ י ט ־ ק ל א ס ע ן ־ ג ע ד א נ ק פון נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיגקייט געוואָרען אַ טייל פון דער טשעכישער היסטאָרישער ווירקליכקייט, און בעשטימט דעם ווילען פון אַ בעדייטענדען געזעלשאַפטליכען קלאַס.

וואָלט די טשעכיש־נאַציאָנאַלע בעוועגונג טריאומפירט, און דעם קעניג ווענצעלס אַלטע קרוין וואָלט ווידער אנגעטהאָן געוואָרען אויף אַ געזאַלבטען טשעכישען קאָפּ, וואָלטען מיר, אויף דעם גרונד פון יענעם מאַרקסיסטישען אנאַליז גופא, געוויס געהאַט אַ רעכט צו זאָגען, אַז דער אידעאַל איז מקוים געוואָרען ניט נאָר דערפאַר, וואָס די פּויערים האָבען געוואָלט האָבען וואָלוועלע זאַלץ, נאָר אויך דערפאַר, וואָס דער טשעכישער אינטעליגענץ האָט זיך איינגעגעבען צו פערבינדען איהרע אידעאַלען מיט די אינטערעסען פון אַ בעשטימטען קלאַס. דערפון איז אָבער געדרונגען, אַז איהרע אידעאַלען, וואָס האָבען גאָר נישט ניט צו טהאָן מיט דער קלאַסען־לאַגע פון די פּויערים, האָבען געשפּיעלט אַ זעלבסטשטענדיגע ראָליע אין דער געשיכטע.

און דאָס אייגענע איז אויך מיט די טעאָרעטישע אנשויאונגען פון דעם מאַרקסיזם: זיי זענען געוואָרען פּראָלעטאַריש ניט דערפאַר, וואָס זיי וואַקסען ארויס פון דער אינוועניגסטער לאָגיק פון דעם פּראָלעטאַרישען קלאַס, נאָר דערפאַר, וואָס זיי האָבען זיך היסטאָריש פערבונדען מיט יענער לאָגיק. אָבער זיי האָבען זיך פערבונדען. זיי זענען געוואָרען פּראָלעטאַריש. ד. ה. זיי זענען געוואָרען אַ ה י ס ט א ר י ש ע מ א כ ט, ווען אפילו זיי שטאַמען ניט

מיט גאַנץ אַנדערע אַלגעמיינע אידעען. נאָר צו א בע־
שטימטער געשיכטליכער צייט איז גראד דער זשעני פון דעם סאָ־
ציאַליסטישען געדאַנק געווען קאַרל מאַרקס און ניט קיין אַנדערער
און אין זיין גאַונ׳ישען אינדיווידועלען קאָפּ האָבען זיך זיי־
נע אינדיווידועלע געדאַנקען לאָגיש צונויפגעגאָסען מיט די וויכ־
טיגסטע עלעמענטען פון דעם פּראָלעטאַריאַט׳ס שטאַנד־פּונקט צו
איין איינציגען סיסטעם פון היסטאָרישע אידעען־
פערבינדונגען.

די לוין־אַרבייטער און די אינטעליגענץ, וואָס האָט זיי אָנגע־
פיהרט, האָבען בעקומען יענעם סיסטעם א פאַרטיגען, ווי פון־
איין גוס, און זענען ניט געווען ביכולת פאַנאַנדער־צו־קלייבען זיך,
וואָס איז אין איהם נויטווענדיג פּראָלעטאַריש און וואָס איז אין
איהם אינדיווידועל קאַרל־מאַרקסיש. זיי האָבען זיי אָנגענומען אַלע,
און אויף אַזאַ׳ן אופן זענען א סך אינדיווידועלע געדאַנ־
קען, וואָס זענען אַרויסגעבראַכט געוואָרען פון קאַרל מאַרקס קאָפּ,
און וואָס האָבען אייגענטליך גאָר נישט ניט צו טהאָן מיט דער
לאַגע און מיט די אינטערעסען פון דעם פּראָלעטאַריאַט, דערהויי־
בען געוואָרען צו דער מדרגה פון א געשיכטליכען פאַקטאָר.

נאָך א ביישפּיעל וועט אפשר נאָך קלאָרער מאַכען דעם ענין.

אין בעהמען (טשעכיא) איז פאַרהאַן א שאָוויניסטיש־נאַציאָנאַ־
לע בעוועגונג, וואָס וויל בעשאַפען אַן אונאָבהענגיגע בעהמישע
מלוכה, אָדער ריכטיגער: וויעדער אויפלעבען דאָס אַלטע בעהמישע
קעניגרייך. די בעוועגונג האָט א סך אָנהענגער צווישען דעם פּויערים־
קלאַס, פון וועלכען זי ציעהט א שטאַרקע יניקה. האָבען זיך די
מאַרקסיסטישע טעאָרעטיקער אין דייטשלאַנד און עסטרייך פער־
טראַכט: אויף וואָסער פּייער דאַרף דער בעהמישער פּויער אַן איי־
גענעם קעניג? און אַנאַליזירענדיג דעם פּראָגראַם פון יענער בע־
וועגונג אין דעם ליכט פון די פּויערים׳שע אינטערעסען, האָבען זיי
אויסגעפונען, אַז די הויפּט־ראָליע שפּיעלט דערביי... דאָס וואַל־
וועלע זאַלץ. דער פּויער נויטיגט זיך אין וואָלוועלע זאַלץ,
און די נאַציאָנאַלע בעוועגונג זאָגט איהם צו, אַז אונטער אַן איי־
גענעם קעניג וועט ער האָבען אין וואָס ער נויטיגט זיך אַזוי שטאַרק.

איך וויל דאָ ניט אויפהויבען די פראַגע, צי דער מאַרקסיסטי־

ארויסגעבראכט ווערן פון איהם? וואו איז דער בעוויז, אז דאָס האָט דער ק ל אַ ס ע ן ־ ש ט אַ נ ד פּ ו נ ק ט פון דעם קלאַס די־טירט איהם, ער זאָל אריבערנעהמען אויף אלע יענע געדאַנקען, וואס האָבען אייגענטליך מיט זיין קלאַסען־לאַגע גאר נישט ניט וואָס צו טהאָן?

מיר פערשטעהען גאַנץ גוט, צום ביישפּיעל, פאַר וואָס עס קאָן צו דעם שטאַנד־פּונקט פון דעם פּראָלעטאַריאַט געהערען, אז די „בעסטע" פאָרם פון דער געזעלשאַפט איז א סאָציאַליסטישע און דעריבער איז ענגעלס גערעכט, ווען ער זאָגט, אז „דער סאָציאַליזם איז די דאָקטרין פון דעם פּראָלעטאַריאַט".

אָבער פאַרוואָס מוז איינער, וואָס פערקויפט זיין ארבייטס־קראַפט אויף דעם ארבייטס־מאַרק, דוקא גלויבען, אז די וועלט בע־שטעהט פון מאַטעריע און אז קיין רוחניות איז אין איהר ניטאָ? פאַר וואָס מוז ער גלויבען, אז די וועלט ענטוויקעלט זיך? פאַר וואָס מוז ער פון אלע ענטוויקלונגס־טעאָריען אָננעהמען דוקא די, וואָס זאָגט, אז יעדער נאַטירליכער פּראָצעס מוז דורכמאַכען די דריי שטאַדיען פון טעזיס, אנטי־טעזיס און סינטעזיס? פאַר וואָס מוז ער פון אלע וועגען, וועלכע פיהרען צום סאָציאַליזם, דוקא אויס־קלייבען דעם וועג פון'ם פּאָליטישען קאַמף און אין גאַנצען אָדער טיילוויז פערנאַכלעסיגען די עקאָנאָמישע זעלבסט־הילף? נאָר מיט וויסטע פּלפּולים, —א ליא באָגדאַנאָוו, — קאָן מען צונויפּבינדען אַט די אלע פּראָבלעמען מיט דעם קלאַסען־שטאַנד־פּונקט פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

אין דער אמת'ען איז גאָר די מעשה אזא: אין דעם שטאַנד־פּונקט פון דעם פּראָלעטאַריאַט ליעגען איינגעשלאָסען איניגע ו ו י כ ט י ג ע פּונקטען, וואָס זיינען אינווענינג צונויפגעבונדען מיט זיין לאַגע און זיינע אינטערעסען. אָבער יענע וויכטיגע פּונק־טען האָבען זיך ב י י ז י י ן א י ד ע אָ ל אָ ג לאָגיש צונויפּ־געבונדען מיט נאָך אנדערע געדאַנקען, — פילאָסאָפישע, געשיכטס־פילאָזאָפישע, סאָציאָלאָגישע, — צו איין איינציגען סיסטעם. און דער לאָגישער צונויפּבונד איז ניט קיין נ ו י ט ו ו ע נ ד י ג ע ר. וואָס איז א „מוז" פאַר יעדען מענשליכען שכל. דיזעלביגע גרונד־געדאַנקען פון דעם קלאַס וואָלטען געקאָנט צונויפּגעבונדען ווערן

דער פּראָלעטאַריאַט זאָל זיך אָרגאַניזירען, ווי אַ פּאָליטישע פּאַרטיי, ארויסרייסען דעם שטאַאַט פון די הענט פון דער בורזשואַזיע און מיט זיין הילף דורכפיהרען די סאָציאַלע רעוואָלוציע, און אַלע אַנדערע וויכטיגע פּונקטען און טעאָריעס פון דעם מאַרקסיזם. אין זיי אין אַלע האָט ער, — לאָמיר אויך אַ ווײַלע אָננעהמען, — נאָר אויסגעאַרבייט און פאָרמולירט יענעם שטאַנדפּונקט, וועלכער דער פּראָלעטאַריאַט, ווי אַ בעשטימטער קלאַס פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט, מוז ארויסברענגען בנוגע זיין אייגענער טהעטיגקייט און בנוגע אַלע וויכטיגסטע פּראָבלעמען פון דער מענשליכען געדאַנק.

דאָס הייסט ניט, אַז יעדער פּראָלעטאַריער וואָלט אויך געקאָנט ארויסברענגען דיזעלביגע געדאַנקען, וואָס מיר האָבען נאָר וואָס אויסגערעכענט. דאָס וויל נאָר זאָגען, אַז אויב די מאַיאָריטעט פון דעם פּראָלעטאַריאַט וואָלט געהאַט די מעגליכקייט צו דענקען קאָנסעקווענט פון איהר ע ק אָ נ אָ מ י ש ע ן קלאַסען־שטאַנדפּונקט, וואָלט זי וועגען אַלע אַט די פראַגען אַליין געקומען צו דיזעלביגע געדאַנקען, וואָס קאַרל מאַרקס האָט אויסגעאַרבייט: אַקוראַט אַזוי, ווי דעם אַדוואָקאַטס קליענט וואָלט אַליין געקאָנט אויסאַרבייטען זיין בעסטע פערטיידיגונג, אויב ער וואָלט געווען אַ פעהיגער יוריסט, אַזוי וואָלט דער קלאַס אַליין דערגאַנגען אָהן דער הילף פון קאַרל מאַרקס, צו דערזעלביגער פּראָלעטאַרישער וועלטאַנשויאונג, אויב אַן אַרבייטער־קלאַס וואָלט געקאָנט דענקען און פאָרשען טעאָרעטיש.

צו דער צווייטער קאַטעגאָריע, צו די ריין אינדיווידועלע געדאַנקען פון קאַרל מאַרקס, וועלען מיר מוזען צורעכענען צום בייַשפּיעל זיין פּרענאָלאָגישען גלויבען, אַז מען קאָן לויט דעם פאָרם פון אַ מענשליכען שאַרבען בעשטימען דעם מענשענס גייסטיגע פעהיגקייטען: דער פּראָלעטאַריאַט איז ניט מחויב צו שטעהן אויף אַזאַ שטאַנד־פּונקט בנוגע דער פּסיכאָלאָגישער וויסענשאַפט.

דער צענטער פון דעם פּראָבלעם וועגען דער ווירקונג פון גרויסע פּערזענליכקייטען אין דער געשיכטע ווערט אויף אַזאַ'ן אופן אריבערגעטראַגען אויף דער פראַגע: איז אַלץ, וואָס אַ קלאַס נעהמט אריבער פון דעם געניאַלען אידעאָלאָג, אַ נויטווענדיגקייט פאַר דעם קלאַס און וואָלט, אונטער די אויבען אַנגעגעבענע בעדינגונגען, אַליין

געשיכטליכער ווירקליכקייט, און מיר האָבען זיך ניט וואָס צו רע־
כענען מיט איהר.

דער גאַנצער סכום פון געדאַנקען און אידעען, וועלכען אַן אי־
דעאָלאָג ברענגט ארויס, דאַרף דעריבער, לויט מאַרקס, איינגעטיילט
ווערן אין צוויי טיילען:

ערשטענס: יענע געדאַנקען און אידעאַלען, וואָס שטי־
מען איבעריין מיט די היסטאָרישע פאָרדערונגען פון דעם בעשטימ־
טען קלאַס אין דער בעשטימטער צייט, וואָס זענען אַ נויטווענדיג־
קייט פאַר די מאַסען. זיי דריקען אויס דעם שטאַנדפּונקט פון אַ
בעשטימטען קלאַס, ווערן אריבערגענומען פון איהם, און אויף אַזאַ'ן
אופן רעכענען זיי זיך אריין אין דער געשיכטע, ווי אַ טייל פון דער
היסטאָרישער ווירקליכקייט.

צווייטענס: יענע געדאַנקען און אידעאַלען, וואָס שטי־
מען ניט איבעריין מיט דער היסטאָריאָשער נויטווענדיגקייט, זיי
דריקען ניט אויס דעם שטאַנד־פּונקט פון דעם קלאַס, נאָר דעם איג־
דיווידועלען שטאַנד־פּונקט פון דעם מחבר און בלייבען אָהן אַ ברע־
קעל היסטאָרישע האַפט.

אויף אַזאַ'ן אופן ווערט ניט דער גרויסער מענש, אָבער די היס־
טאָרישע ווירקונג פון דעם גרויסען מענשען אין גאַנצען צוריקגע־
פיהרט צו דעם עקאָנאָמישען פאַקטאָר.

לאָמיר זיך פּרובען פאַנאַנדערקלייבען אין דעם. נעהמען מיר
ווידער מאַרקסען פאַר אונזער ביישפּיעל: אויף זיינע געדאַנקען
קאָן מען איינטיילען אין 1) קלאַסען־געדאַנקען פון דעם פּראָלעטאַ־
ריאַט, וועלכע ער האָט אַם בעסטען ארויסגעבראַכט און פאָרמולירט
און 2) אינדיווידועלע געדאַנקען פון קאַרל מאַרקס.

צו דער ערשטער קאַטעגאָריע וועלען מיר דאַרפען צורעכענען
זיין מאַטעריאַליסטישע דיאַלעקטיק, וואָס
פאָרמולירט דעם קלאַסען שטאַנד־פּונקט פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין
דער אַלגעמיינער פילאָסאָפיע; זיין געשיכטס־פילאָסאָ־
פיע, זיין אַנאַליז פון דער קאַפּיטאַליסטישער
ווירטשאַפט, זיין ווערטה־לעהרע, זיין
וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם, זיין
אונטערנאַציאָנאַליזם, זיין פאָרדערונג, אַז

קרעפטען און אינוועניגסטע ווידערשפּרוכען, וואָס שפּיעלען זיך אין איהם אָב, — און נאָר זיי דארפען דערקלעהרט ווערן עקאָנאָמיש־מאַטעריאַליסטיש.

אין צוזאַמענקלאַנג מיט אַט דעם שטאַנד־פּונקט דערקלעהרט זיך דער פּראָבלעם פון דער פּערזענליכקייט גאַנץ איינפאַך. די געדאַנקען און די אידעאַלען פון די גרויסע מענשען ווערען געבוירען ביי די גרויסע מענשען, נ י ט פ ו ן ד ע ר ע ק אָ נ אָ מ י ק ע , נאָר פון אַלערליי אַנדערע אידעאָלאָגישע מאָמענטען, אָבער צו אַ געשיכטליכער מאַכט ווערן זיי נאָר יעמאָלט, ווען זיי ווערן פערווירקליכט פון די מאַסען. הייסט עס, אינטערעסירען דאַרף אונז ניט די פראַגע, פון וואַנען האָבען זיך גענומען יענע פערזאָנען מיט יענע געדאַנקען, נאָר די פראַגע, פאַר וואָס האָבען די מאַסען זיך צוגעהערט צו זיי און אריינגעאַר־בייט אין לעבען זייערע אידעאַלען. און אין דעם פּונקט, גלויבט מאַרקס, קאָן בעוויזען ווערן, אַז געשעהען איז דאָס דערפאַר, ווייל די מאַסען האָבען זיך, לויט זייער עקאָנאָמישער לאַגע, געניטיגט אין דעם. ווען די גרויסע פערזענליכקייטען ווערען די פאַרשטעהער און די וואָרט־פיהרער פון אַ וועלכען עס איז קלאַס, — ווען זיי ווערען זייערע „אידעאָלאָגען" — הייסט דאָס ניט, אַז די אידעאָלאָגען שטעהען אונטער דעם דרוק פון יענע עקאָנאָמישע אינטערעסען, וואָס הער־שען אין זייער קלאַס. זיי האָבען באמת געקאָנט ארויסברענגען זיי־ערע אידעאַלען גאַנץ פריי פון יעדער עקאָנאָמישער פּניה. די מאַסען פון דעם קלאַס האָבען אָבער אָנגענומען זייער אידעאַל דערפאַר, ווייל דאָס האָט געפאָדערט זייער קלאַסען־לאַגע און זייער קלאַסען־אינטערעס.

אין דער געשיכטליכער ווירקליכקייט געהען דעריבער אריין נאָר יענע געדאַנקען פון דעם „אידעאַלאַג", וואָס זענען לכתחילה געלעגען אין דער אינוועניגסטער לאָגיק פון דעם געזעלשאַפטליכען פּראָצעס. יענע טהעטיגקייט אָבער פון דעם אינדיווידואום, וואָס איז געבליעבען פריי און אינדיווידועל, וואָס ווערט ניט געפאָדערט פון דער בעשטימטער קלאַסען־לאַגע, בלייבט לכתחילה דרויסען פון דער

וואָלטען געוואקסען בעבלעך אנשטאָט צייהן, וואָלט דאָס געווען א גארטען, ניט קיין מויל". מיר קענען נאָר א י י ן מענשליכע געשיכטע, און אין דער איין־איינציגער געשיכטע האָט דער סאָציאַליזם געקעמפט ניט מיט פּרודאנישע בעבלעך, נאָר מיט מארקסיסטישע צייהן!

אויך רעכט! בלייבען מיר ביי די פ א ק ט ע ן פון דער געשיכטע, ווי זיי זענען געווען; בלייבען מיר ביי יענעם „נאַטירליכען ענטוויקעלונגס־גאנג", וואָס טראָגט אויף זיך די דייטליכע צייכענס פון די מארקסיסטישע צייהן... ו ו י ווילט איהר זיי דערקלעהרען? פאר וואָס האָט קארל מארקס געהאט גראָד אזעלכע „צייהן" און ניט קיין אנדערע?

ווי זאָלען מיר דערקלעהרען די פערזענליכע אייגענשאפטען פון קארל מארקס פון אן „עקאָנאָמישען שטאַנדפּונקט?" ווי זאָלען מיר פון דעמזעלביגען שטאנד־פּונקט ארויסברענגען, פאר וואָס ער האָט געמוזט בעשאפען דוקא אָט די געדאנקען און ניט קיין אנדערע?

קאָן דאָס איבערהויפּט דערקלעהרט ווערן פון יענעם שטאַנדפּונקט?

פארהאן מענשען אין דער מארקסיסטישער ליטעראטור, וואָס ווילען זיך אונטערנעהמען צו דערקלערען אלץ, וואָס איהר ווילט דורך דער „עקאָנאָמיקע", אפילו דעם גאנג פון די מזלות אויפ'ן הימעל.

קארל מארקס אליין האָט געוויס ניט געהערט צו יענעם טיפּ מארקסיסטען, און דער וואָס איז גוט בעקאנט מיט זיין סיסטעם, וויס, אז ער איז געווען גאנץ ווייט פון ווילען דערקלעהרען ד י א י י ג ע נ ש אַ פ ט ע ן פון די גרויסע מענשען, אויס א וועלכען עס איז עקאָנאָמישען מאָמענט.

יענע אייגענשאפטען, רעכענט מארקס, ד אַ ר פ ע ן גאָר ניט דערקלעהרט ווערן עקאָנאָמיש, ווייל ער דענקט אין איינעם מיט העגעל'ן, אז די היסטאָרישע ווירקליכקייט בעשטעהט ניט פון אַ ל ע ערשיינונגען, וועלכע מיר זעהען אויף דער אויבערפלעך פון דעם געשיכטליכען לעבען. נאָר יענע ערשיינונגען זענען היסטאָריש ו ו י ר ק ל י ך, וועלכע שטימען צונויף מיט דעם גאנג פון דעם געזעלשאפטליכען פּ ר אָ ג ר ע ס, מיט אלע אַנטאַגאַניסטישע

זעלבסט־הילף און פּאָליטישען קלאסען־קאמפּף, א סינטעז צו וועלכען עס שטרעבט איצטער דער גאנצער גאנג פון דער סאָציאַליסטישער טעאָריע און פּראַקטיקע.

און אויב דער פּראָלעטאריאט וואָלט זיך לכתחילה געשטעלט אויף אזא סינטעטישען שטאנד־פּונקט און וואָלט לכתחילה אנגעווענדעט אקוראט אזוי פיעל ענערגיע אויף דער עקאָנאָמישער זעלבסט־הילף, וויפיעל ער האָט אנגעווענדעט אויף דעם פּאָליטישען און צום סוף ריין פּארלאמענטארישען קלאסען־קאמף, וואָלט זיין עקאָנאָמישע לאגע און זיין בעדייטונג אין דער געזעלשאפט אפשר שוין איצטער געווען ניט אזא קלעגליכע, ווי זי איז, און די פּאָליטישע וועלט וואָלט זיך געמוזט אפשר א סך מעהר רעכענען מיט זיינע עקאָנאָמישע גענאָסענשאפטס־אינטערעסען, איידער זי האָט דאָס געקאָנט טהאָן איצטער, אין די צייטען פון דעם וועלט־קריעג... נאָר — לאָמיר אוועקוואַרפען די פראגע, צי עס וואָלט געווען ב ע ס ע ר פאר דעם פּראָלעטאריאט אָדער ע ר ג ע ר, ווען עס וואָלט געווען אן אנדער קארל מארקס, איידער דער, וועלכען די געשיכטע קען. איינס איז אבער זיכער: איהר מוזט צוגעבען די מ ע ג ל י כ ק י י ט, אז אויף דעם גורל פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג וואָלט אויסגעפאלען א גאנץ אנדער געשיכטליכער שיקזאל, איידער דער, אין וועלכען זי האָט געלעבט ביז אהער. געוויס קאן מען ניט לייקענען, אז דער ריינער פּרודאָניזם וואָלט זי אפשר פערשלעפּט אין א פּאָליטישען זומף און דער פּראָלעטאריאט וואָלט זיך איבערהויפּט ניט געקאָנט ארויסרייסען פון דער בורזשואזער פּאָליטישער אפּטרופּסות (ווי ער קאן זיך נאָך איצטער ניט ארויסרייסען פון איהר אין די פעראייניגטע שטאטען). עס איז אבער אויך זעהר וואהרשיינליך, אז דער פּרודאָניזם, אָדער אן אנדער מין סאָציאַליזם, וואָלט איהם געפיהרט ניט „פון גאָרנישט דורך גארנישט צו גאָרנישט", נאָר פון „גאָרנישט דורך עקאָנאָמישע זעלבסט־הילף און פּאָליטישען קאמף צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע".

עס איז דעריבער אפשר פּאָרט גלייכער פאר דעם מארקסיסט אבצוזאגען זיך פון דער כשר'ער שאלה: „וואָס וואָלט געווען, ווען עס וואָלט ניט געווען דאָס, וואָס איז געווען" און אוועק מאכען זי כלאחר יד מיט דעם רוסישען ווערטעל, אז „אויב אין דעם מויל

פראָלעטאריאט, אין דעם בעשטרעבען אריינצובעקומען אין די הענד די שטאאַטס־מאַשין, האָבען זיי געזעהען דעם איינציגען וועג צו דער ישועה, דעם איינציגען וועג, וואָס איז פארגעצייכענט פון דער געשיכטליכער ענטוויקלונג.

ערשט אין דעם סוף פון די פופציגער און אין דעם אָנהויב פון די זעבציגער יאָהרען, האָבען מארקס און ענגעלס געמוזט איבערבייטען זייער מיינונג וועגען דער בעדייטונג און דער וויכטיגקייט פון דער געווערקשאפטס־בעוועגונג. אבער נאָך אין די זיעבעציגער יאָהרען זענען זיי געווען אבסאָלוטע געגנער פון דער גענאָסענשאפטס־בעוועגונג, וואָס איז אין יענער צייט נעפּרעדיגט געווארען פון די פּרודאָניאנער אין בעלגיע.

אין א טעאָרעטיש זעהר בעדייטענדער ארבייט פון פרידריך ענגעלס „וועגען דער וואוינונגס־פראגע“ (אין דעם סוף 70ער יאהרען) קריטיקירט ענגעלס זעהר שארף דעם פּרודאָניזם און די טהעטיגקייט פון די פּרודאָניאנער. די גאנצע בעוועגונג, זאָגט ער, „געהט פאָן ניכטס דורך ניכטס צו ניכטס“...

איצטער ווייסען מיר אלע, ווי איינזייטיג אזא'ן אבשעצונג איז געווען. אין בעלגיע איז די גענאָסענשאפטס־בעוועגונג אויסגעוואקסען צו א מעכטיגען פאקטאר פון דעם פראָלעטאריערס קאמף.. א דאַנק די פּרודאָניאנער. אויסגעוואקסען צו אַזאַ גרויס, אז אפילו די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראטען האָבען געמוזט בויגען זייערע שטאָלצע קעפּ פאר יענער בעוועגונג, וואָס געהט, על פי טעאָריע, „פון ניכטס דורך ניכטס צו ניכטס“.

אויב קארל מארקס וואָלט ניט געמוזט, א דאנק זיינע טעאָרעטישע אנשויאונגען, זיך איינ'עקשנ'ען אויף דעם ריין פּאָליטישען קאמף; — א פּרינציפּ, וועלכען ער האָט אריבערגענומען פון פּרודאָן'ס געגנער, ל ו א י ־ ב ל א נ ' ע ן ; אויב ער וואָלט ניט געקוקט אזוי פון אויבען אראָב אויף דער ג ע ג ע נ ו ו א ר ט ' ס אַ ר ב י י ט, אויב ער וואָלט געקאָנט גלויבען אין דער פערבעסערונג פון דעם ארבייטער'ס לאגע נאָך אין די גרעניצען פון דער קאפּיטאַליסטישער געזעלשאפט, — וואָלט ער אפשר מיט זיין געניאלען קאָפּ שוין לכתחילה אויסגעארבייט דעם נויטיגען סינטעז פון פּ ר ו ד אָ נ י ז ם און ל ו א י ־ ב ל אַ נ י ז ם, פון עקאָנאָמישער

גענומען פון זייער פּאָזיציע באָמבאַרדירען אַלע פּעסטונגען פון דעם יעמאָלטדיגען סאָציאַליסטישען געדאַנק, מוז מען קומען צו דעם שלוס, אַז אויב ניט זיי מיט זייער סיסטעם, וואָלט אין דער איצ־טיגער סאָציאַליסטישער וועלט געהערשט דער שאַרפסטער קאָנקו־רענט פון דעם מארקסיזם, דער פּ ר ו ד אָ ז י אָ נ י ז ם, און די בעוועגונג וואָלט אפשר געהאט א גאַנץ אנדער אויסזעהען.

וועלכע פעהלערן פּרודאָן זאָל ניט האָבען געמאכט אין זיינע טעאָרעטישע אויסרעכענונגען און פּראַקטישע פאָרשלעגען, איין גע־דאַנק זיינער, — דער גרונד־געדאַנק, — האָט געהאט אין זיך אַן אומגעוועהנלעך געזונטען קערן, דער געדאַנק, אַז עס איז נויטווענדיג פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט זיך צו נעהמען פ א ר ע ק אָ נ אָ מ י־ ש ע ר ז ע ל ב ס ט ־ ה י ל ף. די איינצעלנע פּראַקטישע פּלע־נער, וואָס פּרודאָן האָט אויסגעאַרבייט, האָבען געמאָגט זיין איינזיי־טיג, אוטאָפּיסטיש, אומדורכפיהרבאַר, דער גרונד־פּרינציפּ גופא איז אָבער געווען א געזונטער, און וואָלט דער פּראָלעטאַריאַט איהם יעמאָלט אָנגענומען, וואָלט ער זיך שוין אליין מיט דער צייט דערשלאָגען צו יענע פאָרמען פון עקאָנאָמישע זעלבסט־הילף, צו וועלכע ער איז נאָך אַזוי פיעל מאטערניסען פאָרט געקומען אין דער לעצטער צייט.

די געווערקשאַפטס־בעוועגונג און די גענאָסענשאַפטליכע בע־וועגונג זענען יענע פאָרמען פון עקאָנאָמישע זעלבסט־הילף, וועלכע דער אַרבייטער־קלאַס האָט סוף־כל־סוף געמוזט אננעהמען, אין א בעוואוסטען אָדער אומבעוואוסטען קאַמף אנטגעגען דעם מארק־סיזם, וואָס איז אין אָנהויב געוועזען א שאַרפער געגנער פון י ע־ ד ע ר עקאָנאָמישער זעלבסט־הילף, אפילו פון דער געווערק־שאַפטס־בעוועגונג.

ארויסגעהענדיג פון דעם געדאַנק, אַז אין דער קאַפּיטאַליסטי־שער געזעלשאַפט, קאַן די לאַגע פון דעם אַרבייטער בשום אופן ניט פאַרבעסערט ווערן, אַז ער מוז אריין פאַלען אין אַלץ א גרעסערען עלענד, האָבען מארקס און ענגעלס א לאַנגע צייט ניט געוואָלט ווי־סען פון דער געווערקשאַפטליכען קלאַסען־קאַמף פון דעם פּראָלעטאַ־ריאַט. א קלאַסען־קאַמף, דאָס איז אַ פּ אָ ל י ט י ש ע ר קאַמף, האָט עס געהייסען. און נאָר אין דעם פּאָליטישען קאַמף פון דעם

אין זייער קריטיק פון דעם אַלטען און אין דעם אויפבוי פון דעם נייעם, אויף וויפיעל זייער פרייהייט און ווירקונג איז בעגרעניצט פון די אומשטענדען און וואָס פאַר א ראָליע אין יענע אומשטענדען עס שפּיעלט דער עקאָנאָמישער פאַקטאָר.

די מאַרקסיסטען אָבער קאָנען גאַניץ זיכער ניט איינגעהן אויף אַזאַ שטעלונג פון דער פראַגע. זיין מוזען בעהויפּטען, אַז די טהעטיגקייט פון די אינדיווידוען איז אַלע מאָל דורך און דורך בעשטימט פון די עקאָנאָמישע אומשטענדען און אַז די בעדייטונג פון זייער ראָליע דאַרף צוגעשריעבען ווערן ניט אויף זייער אייגענעם חשבון, נאָר אויף דעם חשבון פון דעם נאַטירליכען ענטוויקלונגס־גאַנג.

ווי קאָנען זיי דאָס אָבער בעווייזען?

זיי קאָנען דאָס נאָר דורכדעם, ווען זיי זאָלען בעווייזען, אַז די גייסטיגע העלדען פון דער מענשהייט פיהרען נאָר אויס דעם בעפעהל פון זייער צייט און אַז אויב דאָס וואָלט ניט געטהאָן אָט דער העלד, וואָלט דאָס געטהאָן אַן אַנדערער, אָדער א גרופּע פון אַנדערע, און דער געשיכטליכער רעזולטאַט וואָלט געוועזען פּונקט דערזעלביגער.

מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס, אַז די מאַרקסיסטען אַליין זענען אין דעם פאַל געצוואונגען אַנצואווענדען די, אַגב, זייער כשר׳ע מעטהאָדע: פאַרצושטעלען זיך אין געדאַנק, וואָס וואָלט געווען, ווען עפּעס וואָלט ניט געווען. און פּרובען אין געדאַנק אויסגעפונען, צי דערפון וואָלט אפשר עפּעס געוואָרען אַנדערש, איידער עס איז געווען, אָדער אַליץ וואָלט געבליעבען פּונקט אַזוי, ווי דאָס איז פערבליבען אין דער געשיכטע.

ממילא האָבען מיר א רעכט אוועק צו שטעלען די זעהר ערנסטע טעאָרעטישע פראַגע: וואָס וואָלט געווען, ווען עס וואָלט ניט געוועזען קיין קאַרל מאַרקס? וואָלט די סאָציאַליסטישע בעוועגונג געמוזט געהן אין דערזעלביגער ריכטונג, אין וועלכער זי איז אוועק געגאַנגען א דאַנק איהם און קומען צו דיזעלביגע רעזולטאַטען, צו וועלכע זי איז געקומען?

טראַכט מען זיך אריין אין דער לאַגע פון דעם סאָציאַליסטישען געדאַנק אין דעם סוף פערציגער יאָהרען, בעת מאַרקס און ענגעלס זענען שוין פאַרטיג געווען מיט זייער סיסטעם און האָבען

איידער דער, וועלכען מיר האָבען געהאַט און מיר האָבען אין דער ווירקליכקייט. די מענשליכע געשיכטע, זאָגען זיי, איז איינע. און זי האָט געקאָנט זיין נאָר אַזאַ ווי זי איז.

גוט. אויב ס'איז אַזוי, איז אדרבה ואדרבה! — לאָמיר נעהמען די געשיכטע, ווי זי איז געווען און ווי זי שפּיעלט זיך אָב טאָג־טעגליך פאַר אונזערע אויגען. אין אָט דער געשיכטע זעהען מיר, אַז נייע געדאַנקען און סיסטעמען ווערען געבוירען נאָר ביי איינצעלנע, פריהער אין אַ ניט קלאָרער, שטאַמעלדיגער פאָרם, צואוואָרפען צווישען פערשיידענע אינדיווידוען, נאָך צונויפגעוואַקסען מיט אַ סך פערשימעלטע און אַלטע עלעמענטען. דערנאָך קומט דער געניאַלער איינצעל־מענש, דער חכם מחוכם, — איינער אָדער אַ פּאָר. זיי, די גאָט־געבענשטע בעשאַפער זאַמלען צונויף די צושטרייטע עלעמענטען, מאַכען זיי קלאָרער און קרעפטיגער, פעראיינהייטליכען זיי אין אַ סיסטעם און ברענגען זיי אריין אין דעם בעוואוסטזיין פון זייער צייט.

אין די ערשטע יאָהרען שטעהט צו צו די געדאַנקען נאָר אַ קלייגער טייל פון דער אינטעליגענץ. וואָס ווייטער אַלץ מעהר מוחות און הערצער געווינט דער נייער געדאַנק, ביז ער דרינגט אריין אין יענע מאַסען, וואָס פון זייער שטעלונג און זייער טהעטיגקייט העננגט אָב די פערווירקליכונג פון דעם נייעם געדאַנק אָדער זיין הערשאַפט אין דעם געזעלשאַפטליכען בעוואוסטזיין.

אַזוי ווייזט אונז אויף יעדען שריט און טריט דער גאַנג פון דער מענשליכער געשיכטע, און אויב פאַר די מאַרקסיסטען איז ליעב צו נעהמען די געשיכטע, ווי זי בעווייזט זיך פאַר יעדען אויג, איז דאָס פאַר אונז ניחא. מיר זענען יעמאָלט מרוצה אַבצוזאָגען זיך פון דער פראַגע: וואָס וואָלט געווען, ווען קאַרל מאַרקס וואָלט ניט געווען. ווייל יעמאָלט וואָלט דער גאַנצער פּלפּול וועגען דער ראָליע פון דער פערזענליכקייט און דער אינטעליגענץ אין דער געשיכטע געווען איבעריג. זייער בעדייט, זייער טהעטיגקייט און זייער ווירקונג וואָלט יעמאָלט קלאָר געלעגען פאַר אַלעמען. יעדער איינער וואָלט געמוזט צוגעבען, אַז אַ גרויסער טייל פון דעם געשיכטליכען לעבען שטאַמט פון זיי און מען וואָלט זיך נאָר בעדאַרפט דינגען, ווי גרויס יענער טייל איז, אויף וויפיעל די יחידים זענען פ ר י י

אונז די פּראָמינענטע ראָליע, וואָס „קליינע מענשלעך“ שפּילען אָפט אין דער געשיכטע. זיי זענען געוואָרען גרויס ניט דורך זייער איי־ גענעם פערדיענסט, ניט דורך די קרעפטען פון זייער מוח און פון זיי־ ער כאראקטער, וואָס זענען געווען וואָכעדיג, טאָג־טעגליך, אומעטום אָנצוטרעפען טוצענווייז, נאָר דורך די בעשטימטע קאָמבינאציע פון די אומשטענדען. קארל מארקס אבער פערדאנקט זיין גרויס זיינע א י י ג ע נ ע א י י ג ע נ ש א פ ט ע ן, דער וואונדערבארער קראפט פון זיין דענקען, דער איינגעשפּארטער ענערגיע פון זיין ווי־ לען, די אינווענינגסטע פאדערונגען פון זיין כאראקטער.

און מארקס האָט ניט נאָר „געשפּיעלט“ זיין ראָליע. ער איז געווען איהר אייגענער מחבר. קיין סופליאר האָט איהם ניט אונ־ טערגעזאָגט. אָדער ריכטיגער: די גאנצע צייט, אין וועלכער ער האָט געלעבט, האָט מיט טויזענטער שטימען סופלירט איהם טויזענטער ראָליען און ער האָט פון אלע שטימען אויסגעקליבען און צונויפ־ גענומען נאָר די, וואָס זענען געווען צוגעפּאסט צו זיין אייגענעם מהות. און צו די שטימען, וואס ער האָט אריבערגענומען פון דער פרעמד, האָט ער נאָך צוגעגעבען ז י י נ ע א י י ג ע נ ע גע־ דאנקען, וואָס זענען ביז צו איהם ניט ארויסגעזאָגט געוואָרען, אָדער ניט ארויסגעזאָגט געוואָרען, ווי ע ר האָט זיי ארויסגעבראכט. און נאָר דערפאר איז ער געוואָרען די צענטראלע פיגור פון דעם סאָ־ ציאליזם, און נאָר דערפאר האָט ער ארויפגעלעגט זיין אינדיווידו־ עלען שטעמפּעל אויף אלע ערשיינונגען פון דער סאָציאליסטישער בעוועגונג און מילא אויף אלע געשיכטליכע שיקזאלען פון אונזער צייט.

די אלע פ א ק ט ע ן זעהט יעדער איינער, ווי נאָר מען ווארפט א בליק אויף דער געשיכטע פון דער מאָדערנער סאָציאליס־ טישער בעוועגונג. איז אבער דאָס, וואס מען זעהט בחוש, דער טיע־ פער ליעגענדער היסטאָרישער אמת? וואָלט די געשיכטע פון דעם סאָציאליזם באמת געווען זיין אַן אנדערע, ווען ניט קארל מארקס? וואָס וואָלט געווען, ווען ער וואָלט ניט געווען? דאָס רוב מארקסיס־ טען האָבען ניט ליעב, ווען מען שטעלט אַוועק אַזאַ שאלה, ווייל פון איהר קלינגט שוין ארויס דער אפּיקורסישער געדאנק, אז עס וואָלט אפשר געקאָנט זיין אַן אנדער געשיכטליכער ענטוויקעלונגס־גאנג.

מאַרקס האָט געשפּיעלט אַן אומגעהויער גרויסע ראָליע אין דער ענט־וויקעלונג פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג. קיינער וועט אויך ניט לייקענען, אַז די סאָציאַליסטישע בעוועגונג האָט, — לפּחות ביז צו דעם איצטיגען וועלט־קריעג, — געהאַט אַ גאַנץ געוואַלטיגע בע־דייטונג אין ־עם געשיכטליכען לעבען פון דער מאָדערנער צייט. ממילא מוז מען דאָך צוגעבען, אַז אַן איינצעל־מענש, קאַרל מאַרקס, האָט געהאַט אַ וויכטיגען איינפלוס אויף דעם גאַנג פון די געשיכט־ליכע פּאַסירונגען אין אַ געוויסער פּעריאָדע.

אויך דאָס פערשטעהט יעדערער, אַז אָט די היסטאָרישע זכיה, וואָס איז אויסגעפאַלען אויף דעם גורל פון קאַרל מאַרקס, איז ניט גע־ווען אַ רעזולטאַט פון צופעליגע אומשטענדען, וואָס האָבען אריין גע־לעגט אין די הענד פון אַ געוועהנליכען בשר ודם אַן אומגעוועהנליכע מאַכט, ווי דאָס איז צום ביישפּיעל דער פאַל מיט ניקאָלאַי דעם צווייטען, דעם בעיזען גייסט פון דעם איצטיגען רוסלאַנדס, אָדער ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט נאַפּאָלעאָן דעם דריטען, וועמעס טהעטיגקייט עס קאָן אויך ניט אויסגעמעקט ווערן פון דער גע־שיכטע.

אין אַזעלכע פעלען, ווי ניקאָלאַי דער צווייטער און נאַפּאָלעאָן דער דריטער, וואָלט אפשר ניט שווער געווען, דורך אַן אַנאַליז פון די געשיכטליכע קרעפטען אין זייער צייט און אין זייער לאַנד, צו בעווייזען, ווי אַזוי די אַלגעמיינע לאַגע האָט ארויסגערוקט אין פראָנט גראַד דעם אַקטיאָר, אין וועלכען זי האָט זיך גענויטיגט, און ווי אַזוי יענע פערזאָנען זענען טאַקי אין תוך אריין געווען ניט מעהר ווי אַקטיאָרען, וואָס האָבען נאָכגעזאָגט זייער ראָליע נאָך דעם סופ־ליאָר, נאָך יענער טענדענץ אין לעבען, וואָס האָט געמוזט, לויט די היסטאָרישע אומשטענדען זיין די הערשענדע.

קאַרל מאַרקס אַליין האָט טאַקי אין אַ גרינדליכער ארבייט: „דער אַכטצעהנטע בריומער פון לואי באָנאַפּאַרט“, — אויפגעדעקט אַלע אומשטענדען, וואָס האָבען געפיהרט דערצו, אַז יענער „קליין־מענשעלע“, נאַפּאָלעאָן דער דריטער, זאָל קאָנען ווערן אויף אַ צייט דער פיהרער פון דער וועלט־פּאָליטיק.

נאָר אַז מען רעדט וועגען דער געשיכטליכער ראָליע פון אַ קאַרל מאַרקס קאָנען מיר ניט אַנווענדען יענע מיטלען, וואָס דערקלעהרען

פאר דער רעוואָליוציאָנערער אינטעליגענץ בלייבט, לויט דער מארקסיסטישער טעאָריע, נאָר איין ברירה: אָדער בויגען זיך פאר דעם אומפּערמיידליכען לויף פון די עקאָנאָמישע פּאַסירונגען, אָדער אָבזאָגען זיך פון א וועלכער עס איז פּראָדוקטיווער היסטאָרישער ארבייט.

די סאָציאַליסטען־רעוואָליוציאָנערען זענען אין דעם נאָמען פון זייערע אגראר־סאָציאַליסטישע אידעאַלען, וועמען דער מארקסיזם האָט ארויסגעטראָגען א טויט־אורטייל, געצוואונגען געווען קודם כל קריטיש דורכצומוסטערן יענע צוויי פּראָבלעמען, פון וועלכע עס הענגט די פראַגע וועגען דער היסטאָרישער ראָליע פון דער אינטעליגענץ: די ווירקונג פון דער פּערזענליכקייט און דער בעדייט פון די היסטאָרישע אומשטענדען, זיין די הערשענדע.

לאָמיר פריהער דורכנעהמען די ווירקונג פון דער פּערזענליכקייט.

בעטראַכט מען די געשיכטע, ווי זי בעווייזט זיך פאר יעדען איינעם, וואָס טרעט צו איהר צו און ווערט בעקאַנט מיט איהרע פ א ק ט ע ן, קאָן יעמאַלט קיין צווייפעל ניט זיין, אז די איינצעלנע פּערזאָנען שפּיעלען וועניגסטענס אויף דער אויבערפלעך א געוואַלטיגע ראָליע אין איהר. אלע גרויסע פּערענדערונגען אין דעם פּערלויף פון דעם מענשליכען פּראָגרעס זענען פערבונדען מיט די נעמען פון די גייסטעס־העלדען, וואָס האָבען יענע פּערענדערונגען געפּרעדיגט אָדער אויך דורכגעפיהרט. געוויס ניט מיט די אייגענע כוחות, נאָר מיט דער הילף פון אנדערע פּערזאָנען און גאנצע מאַסען, וואָס זענען געשטאַנען אונטער דער שליטה פון דעם גאון אָדער די גאונים, וועלכע האָבען געצויגען די געשיכטליכע ענטוויקעלונג אין דער אדער יענער ריכטונג.

נעהמען מיר צום ביישפּיעל אַזאַ גייסטיגע בעוועגונג, ווי דער סאָציאַליזם, וועמענס גרונד־געדאַנקען עס זענען אין דער מאָדערנער צייט אויסגעארבייט געוואָרען פון ראָבערט אָוען, סען־סימאָן, פּור־ריע, לואי ־ בלאַן, פּרודאָן און קארל מארקס, אויב מען זאָל נאָר אויסרעכענען די וויכטיגסטע נעהמען. וואָס מען זאָל ניט דענקען וועגען דער בעדייטונג פון די אלע איבעריגע גדולים פון דעם סאָציאַליסטישען געדאַנק, וועט אבער קיינער ניט לייקענען, אז לפחות קארל

וואוסטזיין פון דער אייגענער מענשליכער ח ש י ב ו ת, וואָס לעבט אין אונזער ברוסט.

אויב אָט די אַלע אידעאַלען, וואָס זענען אויסגעוואַקסען אויף די אידעאָלאָגישע צווייגען פון דעם מענשליכען געדאַנק — זענען אין תוך אריין ניט מעהר ווי פּשוט'ע עקאָנאָמישע אינטערעסען, אַזוי צו זאָגען, פערהימעלטע „בולקע מיט פּוטער", פאַנאַנדערגעבלאָזענע און בעפאַרבטע עגאָאיסטישע וועלענישען און שטרעבונגען צו מעהר „קאַשע מיט שמאַלץ", — יעמאָלט נאַרט זיך די אינטעליגענץ אַליין אָב און אַלע איהרע אידעאַלען האָבען ניט קיין ברעקעל פערשטענדליכען זין.

און אויב אפילו איהרע אידעאַלען זאָלען זיין אידעאַלען פון אַ לויטערען און איידעלען ווילען, אָבער די איינצעלנע פּערזאָנען זענען שוואַך, מאַכטלאָז און קאָנען גאַר נישט ניט ענדערן אין דעם לויף פון דער געשיכטע, וואָס ווערט אָנגעטריעבען דורך די עקאָנאָמישע אינטערעסען פון די מאַסען, — איז יעמאָלט זענען זיי ניט מעהר ווערטה איידער וויסטע קינדערשע פאַנטאַזיעס, ראָמאַנטישע טרוימערייען, וואָס ווערן צושלאָגען פון די קאַלטע ווינטען, וועלכע וועהען אין דעם פּראַסטיגען פּראָזאַאישען לעבען, און יעמאָלט האָט די גאַנצע טהעטיגקייט פון דער אינטעליגענץ קיין ברעקעל האַפט ניט, קיין ברעקעל היסטאָרישע ממשות.

קאָנען די איינצעלנע פּערזאָנען עפּעס ענדערן אין דעם לויף פון דער געשיכטע? האָבען די אידעאָלאָגישע פאַקטאָרען אַ זעלבסטשטענדיגען בעדייט?

דער מאַרקסיזם ענטפערט אויף ביידע פראַגען מיט „ניין". די עקאָנאָמישע קרעפטען, וואָס בעשטימען דעם גאַנג פון דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקעלונג זענען בעשטימט, זייער ריכטונג לכתחילה אויסגערעכענט, דער ענד־ציעל, צו וועלכען זיי שטרעבען — פאַראויסגעזעהען. די אידעאָלאָגישע פאָרמען פון דעם מענשליכען בעוואוסטזיין, וועלען זיך מוזען אָדער צופּאַסען צו אָט דעם אייזערנעם גאַנג פון דער געשיכטליכער ענטוויקעלונג, אָדער די ניט צוגעפּאַסטע וועלען מוזען פערשווינדען. די איינצעלנע מענשען, אָדער גאַנצע גרופּען פון מענשען, וועלען אָדער מוזען שווימען מיט דעם שטראָם, אָדער ארויסגעשליידערט ווערן אויפ'ן ברעג.

דען, אין וועלכע זיי לעבען, און אין דעם קלאַסען־קאַמף, וואָס וואַקסט ארויס פון יענע אומשטענדען.

די צווייטע פראַגע, וועגען די אידעאָלאָגישע פאַקטאָרען, — איז פון מאַרקסען פערענטפערט געוואָרען אין דעמזעלביגען זין: אויב די עקאָנאָמישע אומשטענדען זענען די הערשענדע מאַכט אין דער געשיכטע, איז יעמאָלט קלאָר, אַז די אידעאָלאָגישע פאַקטאָרען, — די ענטוויקלונג פון רעכט, מאָראַל, פילאָסאָפיע, רעליגיע, פּאָליטיק, — זענען ניט מעהר ווי אונטערגעאָרדנעטע קרעפטען, וואָס מוזען נאָכטאַנצען נאָך דעם האַרר'ס בעפעהל.

עס איז לייכט צו פערשטעהן, ווי אַזוי פון דיביידע פראַגען העננגט אָב דער ענטפער אויף דער שאלה וועגען דעם מהות און דער היסטאָרישער בעדייטונג פון דער אינטעליגענץ.

די אינטעליגענץ, וועגען וועלכער מיר רעדען דאָ, וואַרפט זיך אריין אין קאַמף ניט צוליעב דער בעפריעדיגונג פון איהרע אייגענע עקאָנאָמישע אינטערעסען. וועניגסטענס, פיהלט זי דאָס ניט. וואָס זי פיהלט און ווייס איז דער פאַקט, אַז זי האָט אין זין דעם טובת הכלל, און דעם טובת הכלל געפינט זי אין די אידעאַלען, וועלכע זי נעהמט אריבער פון די ניט־עקאָנאָמישע, די אידעאָלאָגישע פאַקטאָרען. זי שטרעבט צו אַ העכערען זיין פאַר דעם אייגענעם פאָלק און דער גאַנצער מענשהייט. זי וויל בעפרייען דעם פערקנעכטעטען, פערהויקערטען אינדיווידואום. זי וויל ארויסברענגען אין לעבען אַ ה ע כ ע ר ע ן  מ י ן  מ ע נ ש, וואָס זאָל שטרעבען צו אַ מ ת אין זיינע געדאַנקען און גלויבונגען, צו  י ו ש ר  אין זיינע האַנדלונגען, צו  ש ע ה נ ק י י ט  אין אַלע אויסערונגען פון זיין לעבען. זי וויל, אַז יעדערער זאָל קאָנען פריי אויסבילדען אַלע זיינע פעהיגקייטען, פריי פון אַלע געהייליגטע אויטאָריטעטען אויסאַרבייטען זיין  א י י ג ע נ ע ם  בליק אויף אַלץ, וואָס איהם אינטערעסירט, און קאָנען לעבען אומגעשטערט, לויט זיינע אייגענע איבערצייגונגען. און זי וויל, אַז ניט נאָר זאָל יעדערער קאָנען  ל ע ב ע ן,  ווי איהם הייסען זיינע איבערצייגונגען, נאָר ער זאָל שטעהן אויף אַזאַ מאָראַלישער הויך, אַז ער זאָל אויך קאָנען  ש ט אַ ר ב ע ן  פאַר זיי, ווען דאָס זאָל זיין נויטיג, ווייל אַזוי פאָדערט דער בע־

אייגענעם חשבון. אבער די טעאָרעטישע פראגען וואָס זענען פער־בונדען מיט יענעם פראבלעם האָבען געמוזט בעשעפטיגען די מוחות פון יעדען טעאָרעטישען־דענקער און פאָרשער, וועלכער האָט זיך נאָר אָבגעגעבען מיט דער אויפגאבע טיעפער אריינצודרינגען אין די טריעבטען, וואָס ברינגען ארויס דעם מענשליכען פראגרעס. און אַזוי איז שוין אויך דאָרטען געווען גענוג מאטעריאַל וועגען דעם פראָב־לעם, וואָס האָט זיי פעראינטערעסירט, — דער עיקר אין דער מארק־סיסטישער און אנטי־מארקסיסטישער ליטעראַטור.

די צוויי וויכטיגסטע טעאָרעטישע פראגען, וואָס זענען פער־בונדען מיט דער „אינטעליגענץ־פראגע“ אין דעם מארקסיזם, זענען, ערשטענס, וועגען דער ראָליע און דער בעדייטונג פון דער פערזענ־ליכקייט אין דער געשיכטע און, צווייטענס, וועגען דער ראָליע אין דער בעדייטונג פון די אַזוי אָנגערופענע „אידעאָלאָגישע“ פאקטאָ־רען.

מיט דער ערשטער פראגע האָט זיך שוין דער אַלטער העגעל זעהר שטארק בעשעפטיגט, און צווישען זיינע ראדיקאלע תלמידים איז אָנגעגאנגען אַ גרויסער ספסוך וועגען איהר. קארל מארקס, וואָס האָט אין דער יוגענד אויך געהערט צו יענע ראַדיקאלע תלמידים, איז אין אָנהויב געווען אויף דער זייט פון יענע דענקער, וואָס האָבען, ווי ברונא בויער, געזעהען אין די איינצעלנע גרויסע מענשען, אויב ניט די בעשאַפער פון דעם געשיכט־ליכען פראָגרעס איז, לפחות, זיינע טרעגער, די, וואָס דריקען אָם קלאָרסטען אויס זיין מהות. שפּעטער אָבער איז מארקס אריבער אין דער פראגע אויף דער זייט פון בויער׳ס געגנער, דוד פרידריך שטרויס, וואָס האָט געלערנט, אַז דער פראגרעס פערווירקליכט זיך אין דעם לעבען און טראַכטען פון די פאָלקס־מאַסען. דאָס האָט געמוזט ארויסרופען ביי איהם דעם וואונש, אויסצופאָרשען די גרונד־קרעפטען, וואָס טרייבען אַז דאָס לעבען פון אָט די גרויסע פאָלקס־מאַסען. נאָך אַ גאַנצער רייהע פון טעאָרעטישע אנאַליזען, איז ער געקומען צו דעם רעזולטאַט, אַז די טרייבענדע קראַפט אין דעם לעבען פון די מאַסען בעשטעהט אין די עקאָנאָמישע אומשטענ־

פון קארל מארקס אין זייער גאנצען אומפאנג, פון דער אלגעמיינער פילאָסאָפיע ביז צו די טאַקטישע פראבלעמען פון דעם טאָג־טעגליכען קאמף.

אַט אויף דעם שטאַנד־פונקט פון דעם פּראָלעטאריאט דאַרף זיך אוועקשטעלען די רוסישע רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ, ווייל אויף רוסלאנד וועט מוזען טאַנצען דעמזעלביגען טאַנץ, וואָס מעריב־אייראָפּא. אויף דאָרטען וועט זיך, א דאנק די אייזערנע געזעצען פון דער געשיכטליכען גאנג, מוזען ענטוויקלען דער קאפּיטאַליזם; אויף דאָרטען וועט דער קאפּיטאליזם מיט אייזערנער נויטווענדיקייט בעשאפען אַ פּראָלעטאריאט, וואָס וועט ווערן דער טרעגער פון דעם רעוואָליוציאָנערען סאָציאליסטישען ענד־ציעל.

ווייל דעריבער די אינטעליגענץ בלייבען טריי איהרע סאָציאַליסטישע אידעאַלען, און ווייל זי האָבען א ממשות'דיגע פּאקטישע ווירקונג אין דעם געשיכטליכען לעבען, בלייבט פאר איהר גאָר נישט ניט איבעריג, ווי נאָר זיך אַנצושליסען אן דער אלוועלטליכער סאָציאַל־דעמאָקראטיע און איבערבויען אַלע איהרע פּרינציפּען, האָפענונגען און שטרעבונגען לויט די גרונד־לעהרען פון דעם פּראָלעטארישען מארקסיזם.

אַט אַזוי איז געווען די גייסטיגע לאַגע אין דער רעוואָליוציאָנערער רוסישער וועלט בנוגע צו דעם פּראבלעם פון דער אינטעליגענץ, ווען די יונגע רוסישע סאָציאליסטען־רעוואָליוציאָנערען האָבען גענומען זוכען זייער אייגענעם וועג אין דער טעאָריע און דער פּראקטיקע פון דעם רעוואָליוציאָנערען סאָציאליסטישען קאמף.

ניט נאָר די רעוואָליוציאָנערע געשיכטע פון זייער אייגענעם לאַנד, אויף די ענטוויקלונג פון דעם פּראגרעסיווען געדאַנק אין מעריב־אייראָפּא האָט זיי געגעבען גענוג מאַטעריאַל צו דענקען וועגען די צוויי געגענזעצליכע פּרינציפּען: דער מאַסען־פּרינציפּ און דער פּרינציפּ פון דער רעוואָליוציאָנערער מינאָריטעט.

ס'איז אמת, אז אין מעריב־אייראָפּא האָט ניט עקזיסטירט קיין בעזונדער פּראבלעם: „די אינטעליגענץ־פראגע", מחמת דעם טעם, וואָס איך האָב אויבען דערמאָהנט: דאָרטען האָט די אינטעליגענץ ניט געמוזט בלייבען אזוי לאַנג און אַזוי האָפנונגסלאָז איזאָלירט פון די מאַסען און פיהרען א פערצווייפעלטען קאמף בלויז אויף דעם

אויך פון זיי האָט די רעוואָליוציאָנערע אינטעליגענץ געמוזט אויסהערען די אַלטע רעיד: ווי א היסטאָרישע קראַפט, האָט איהר ניט קיין ברעקעל זעלבסטשטענדיגע בעדייטונג. איהר קאָנט שפּיעלען א ראָליע, און א גרויסע ראָליע נאָר יעמאָלט, ווען איהר וועט זיך ניט פער'עקשן'ען אויף אייערע אייגענע סוביעקטיווע אידעאַלען; נאָר זיך אוועקשטעלען אין דעם דיענסט פון די אייזערנע געשיכטליכע ענטוויקעלונגס-געזעצען, וואָס ווערן דורכגעפיהרט דורך דעם לעבען און דעם קאמף פון די מאסען. אויך די אייזערנע ענטוויקעלונגס-געזעצען פון דער געשיכטע האָבען, ווי דער העגעל'שער וועלט-גייסט, אין פערשיידענע צייטען, זייערע אויסדערוועהלטע מאסען, וואָס דאַרפען פערווירקליכען אין לעבען זייערע בעפעהלען. אָבער אויב ביי העגעל'ן און די סלאַוואָ-פילען זענען דאָס געווען די איינצעלנע פעלקער, וואָס טרעטען ארויס איינס נאָך דעם אנדערן אויף דער היסטאָרישער ביהנע, כדי צו פערווירקליכען די ענטוויקעלונג פון דעם וועלט-שכל, זענען דאָס ביי מארקס'ען און די מאַרקסיסטישע סאָציאַלדעמאָקראַטען געוואָרען די אויסדערוועהלטע קלאַסען: אין דער פריהערדיגער צייט די בורזשואַזיע, אין דער איצטיגער צייט דאָס פּראָלעטאַריאַט. און אויב די סלאַוואָפילען און די עקסטרעמע פאָלקסמיטלער האָבען געפאָדערט פון דער אינטעליגענץ, זי זאָל זיך אבזאָגען פון זיך אַליין און אוועקשטעלען זיך אין דיענסט פון דעם פאָלק, — מעגען די אנשויאונגען פון דעם פאָלק געהן ווי להיפך צו איהרע אייגענע אידעאַלען און געדאַנקען, — האָבען די סאָציאַל-דעמאָקראַטען ארויסגעשטעלט דיזעלביגע פאָדערונג צו איהר, נאָר אומעטום וואו יענע האָבען געזאָגט „פאָלק", האָבען די מארקסיסטען געטייטשט: „פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י א ט".

דער פּראָלעטאַריאַט האָט אַן אייגענעם שטאַנדפּונקט אויף אַלץ, וואָס איז אמת און פאַלש, גוט און שלעכט, מיאוס און שעהן אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען. ער האָט אַן אייגענע וועלט-אנשויאונג, וואָס דריקט אויס זיין שטעלונג צו אַלע פּראָבלעמען פון דעם מענשענס געדאַנק און צו אַלע פראַגען פון זיין קלאַסען-קאמף. די וועלט-אנשויאונג איז אויסגעאַרבייט געוואָרען אין מעריב-אייראָפּאַ, וואו דער פּראָלעטאַריאַט איז די פיהרענדע מאכט אין דעם פּראָגרעסיווען לעבען. די וועלט-אנשויאונג איז פאָרמולירט אין די לעהרען

זיך די בעוואונדערונג פון דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט פאַר איהר העלדענהאַפטען טעראָריסטישען קאַמף אַנטגעגען דעם רוסי־שען צאַריזם. אין דער צייט פון איהר העכסטען טריאומף האָט זי דורך איהר וואונדערבאַרע טהעטיגקייט ארויפגעזעטצט אויף דעם קאָפּ פון דער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ ניט נאָר דעם דאָר־ניגען קראַנץ פון דעם מאַרטירער, נאָר אויך די שטאָלצע קרוין פון א סואָווערענעם געשיכטליכען פאַקטאָר*).

און ווען יענע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי איז געפאַלען און קאַמף און די רעגיערונג האָט ארויפגעשטעלט איהר זשאַנדאַרמס־קען שטיוועל אויף איהר נאַקען, איז די קרוין אראָבגעפאַלען פון קאָפּ און איז געלעגען א צוטראָטענע אין שטויב...

ווי נאָך דעם צונויף־ברוך פון די דעקאַבריסטען איז אויס־געוואַקסען דער מאַסען־פּרינציפּ פון די סלאַוואָ־פילען, אזוי האָט אויך איצטער, נאָך דער ניעדערלאַגע פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" געמוזט ארויסטרעטען א ריכטונג אין לעבען, וואָס האָט שאַרף גע־קריטיקירט די אינטעליגענץ און האָט זיך קאָנסעקווענט אוועק־געשטעלט אויף דעם שטאַנדפּונקט פון דעם מאַסען־פּרינציפּ.

דאָס איז געווען די רעוואָלוציאָנערע גרופּע „בעפרייאונג פון דער ארבייט" („אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ") מיט דעם זעהר טאַ־לאַנטפולען רוסישען פּובליציסט, ג. פּליעכאַנאָוו, בראש. די מיטגליע־דער פון דער גרופּע האָבען פריהער בעלאַנגט צו דער פּאַרטיי: „שוואַרצער איבערטייל" („טשאַרניי פּערעדיעל'"), א פּאָלקסטימלי־כע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך נאָך פריהער ניט גאַר גענעדיג בע־צויגען צו דעם פּרינציפּ פון דער רעוואָלוציאָנערער מינאָריטעט. אין דער מאַרקסיסטישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָבען זיי (ג. פּליע־כאַנאָוו און זיינע חברים) געפונען דעם נויטיגען „וויסענשאַפטלי־כען" פונדאַמענט, אויף וועלכען זיי האָבען בעסער געקאָנט בע־פעסטיגען זייער אַלטען מאַסען־פּרינציפּ.

*) זעה צ. ב. די בעריהמטע געוואָרענע בראָשיורען פון מ אָ ר־נ אָ ו ו ס ק י און נ. מ אָ ר אָ ז א ו ו, וואו די רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ ווערט דערהויבען שיער ניט צו דעם הויפּט־פאַקטאָר אין דער געשיכטע.

שער רעוואָליוציע, וואָס טראָגט זיך נאָך אין זיין לויף ביז אויף דעם היינטיגען טאָג. אויך די פאָלקסטימלער, — לפּחות, די מאיאָריטעט, — האָט ווייניג וואָס געהאַלטען פון דער אינטעליגענץ, און אין אייניגע עקסטרעמע ריכטונגען, ווי צ. ב. ביי איינעם א הערצן יוזאָוו, — איז דער אנפאַל אויף דער אינטעליגענץ געווען נאָך שאַרפער און די קריטיק פון איהר בעדייטונג נאָך פערניכטענדער, איידער ביי די סלאַוואָ־פילען. נאָר איז ביי איהם העגעל'ס פילאָסאָפיע פערביטען געוואָרען אויף ספּענסער'ס סאָציאָלאָגיע און אנשטאָט דעם „גייסט" פון דעם רוסישען פאָלק האָט פיגורירט דעם פאָלקס סאָציאַלער אָרגאַניזם, מיט זיין אייגענאַרטיגען כאַראַקטער און טבע.

דער פּראַקטישער רעזולטאַט פון אזוינע טעאָריעס, ווי יוזאָוו'ס, איז אבער אין תוך געווען דערזעלביגער, ווי ביי די סלאַוואָפילען. דאָס איז געווען „א רייב אין זייט" דער אינטעליגענץ, וואָס וויל זיך ניט רעכענען מיט די סאָציאָלאָגישע געזעצען און וואָס שטעלט אוועק איהרע אייגענע „סוביעקטיווע" אידעאַלען אנטגעגען די אָביעקטיווע, אייזערנע בעדינגונגען פון דעם פאָלקס־לעבען. זי, די אינטעליגענץ, טאָהר ניט פערגעסען, נאָר מוז אדרבא, שטענדיג געדענקען, אז זי איז געשיכטליך א גאָרנישט מיט א נישט, און נאָר אין דעם בעדיענען דאָס פאָלק, לויט די אנשויאונגען פון דעם פאָלק, וואָס וואַקסען ארויס פון זיין אינוועניגסטען כאַראַקטער, קאָן איהר טעטיגקייט האָבען א וועלכע עס איז היסטאָרישע ממשות.

עס האָבען, פערשטעהט זיך, אין דער געשיכטע פון דעם רוסישען פּראָגרעסיווען און רעוואָליוציאָנערען געדאנק ניט געפעהלט קיין טעאָריען און ריכטונגען, וואָס האָבען איבערגעשפּאַנט דעם בויגען אויף דער אנדער זייט, און האָבען געלעגט די הויפּט־וואָג אויף דעם פּרינציפּ פון דער רעוואָליוציאָנערער מינאָריטעט, אויף דער טהעטיגקייט און דער איניציאַטיווע פון איינצעלנע פּערזאָנען און גרופּען, און האָבען צו שטאַרק ארונטערגעשעצט דעם מאַסען־פּרינציפּ.

בעזונדערס געליטען דערפון האָט צו א געוויסער צייט די פּאַרטיי, וואָס האָט זיך גראַד גערופען „דער פאָלקס־ווילען" (נאַראָדנאַיאַ וואָליא", דאָס האָט אבער אויך דעם טייטש פון „פאָלקס־פרייהייט"), — יענע פּאַרטיי, וואָס האָט ארויסגערופען צו

וועלט־שכל. דער סלאַווישער פאָלקס־גייסט, ווי ער איז פערקער־פערט אין די אנשויאונגען, גלויבונגען און אינסטיטוציעס פון דעם רוסישען פאָלק, דאַרף זאָגען דער מענשהייט א ניי־וואָרט און אוועק שטעלען דעם מענשליכען פּראָגרעס אויף גאַנץ נייע יסודות.

אָבער די רוסישע אינטעליגענץ איז אָבגעריסען פון איהר פאָלק. זי האָט זיך אָנגעלייענט מיט פרעמדע געדאַנקען, האָט זיך אָנגעזאָפּט מיט פרעמדע לעבענס־פאָרמען, מיט געדאַנקען און פאָרמען, וואָס זענען ניט ארויסגעוואַקסען פון דער רוסישער פאָלקס־נשמה, נאָר וואָס זענען אריבערגענומען געוואָרען פון דעם אָבגעלעבטען און צופוילטען מעריב־אייראָפּאַ. זי איז דערפאַר פער־משפּט אויף אומפּרוכטבאַרקייט. נאָר ווען זי וועט זיך אומקעהרען צו איהר פאָלק, זיך אבזאָגען פון די פרעמדע אידעאַלען און צונויפ־גיעסען זיך אין גייסט מיט דעם פאָלקס נשמה, וועט זי קאָנען ווערן די טרעגערין פון דער סלאַווישען, און ממילא דעם אַל־מענשליכען פּראָגרעס.

דער פועל־יוצא דערפון איז געוועזן די פאָדערונג, אז די רו־סישע פרייהייטליכע אינטעליגענץ זאָל פערלייקענען איהרע אייגענע אידעאַלען און שטרעבונגען און בויגען איהר שטאָלצען קאָפּ פאַר די אנשויאונגען פון דער רוסישער פאָלקס־מאַסע, וואָס איז אין דער איצטיגער צייט דער איינציגער טרעגער פון דעם אמת'ן וועלט־פּראָגרעס, דער איינציגער פערקערפּערער פון דעם וועלט־גייסט'ס אמת'ען ווילען.

די סלאַוואָ־פילען זענען אין דעם עיקר געוועזן א רעאַקציאָנערע ריכטונג, וואָס האָט בעוואוסט אָדער אומבעוואוסט ארויסגעגעבען א הכשר אויף דעם קאַמף פון דער רעגיערונג אנטגעגען יענער אינ־טעליגענץ, וואָס האָט געוואָלט אריינפיהרען די מעריב־אייראָפּעאי־שע פּאָליטישע לעבענס־פאָרמען אין דעם הייליגען רוסען־לאַנד.

אָבער א סך פון איהרע טיעפע און וויכטיגע געדאַנקען זענען אריבערגענומען געוואָרען אין אן איבערגעאַרבייטעטער פאָרם אין די שפּעטערע רעוואָלוציאָנערע בעוועגונגען.

בעזונדערס נאָהענט צו די סלאַוואָ־פילען זענען געשטאַנען די פאָלקס־טימלער („נאַראָדניקי”) פון די זיעבעציגער יאָהרען, מיט וועלכע עס הויבט זיך אָן דער איינגענטליכער שטראָם פון דער רוסי־

שוין אין דער ערסטער גרויסער רעוואָליוציאָנערער בעוועגונג פון די צעהנער און צוואנציגער יאהרען, דער דעקאַבריסטישער, — א מיליטערישער פערשווערונג, וואָס איז אויסגעבראכען און צונויפגעבראכען אין דעקאבער פון דעם יאָהר 1825, — בעמערקען זיך די צוויי ריכטונגען, וואָס גע־העז זיך פערנאַנדער אין דער אבשעצונג פון דעם מאסען־פרינציפ אין דעם רעוואָליוציאָנערען קאמף. די דרום־רוסישע ארגאַניזאציעס האָבען געפאָדערט, אז אין דער פערשווערונג זאָלען אריינגעצויגען ווערן די סאָלדאטישע מאַסען; די צפון־רוסישע ארגאַניזאַציעס האָבען געבויט אלע זייערע האָפענונגען אויף דעם אינטע־ליגענטען אָפיצער.

פון יעמאָלט אָן הערען ניט אויף די צוויי ריכטונגען צו שפּיעלען איינע פון די הויפּט ראָליען אין דעם גערדאנקען־גאנג פון די רוסישע רעוואָליוציאָנערען. נאָך דעם צונויפ־ברוך פון דער דע־קאבריסטישער בעוועגונג גיט זיך די אינטעליגענץ א ווארף אין אן עקסטרעמען מאַסען־שטאַנדפּונקט, און עס ווערט בעשאַ־פען די סלאווא־פילישע טעאָריע מיט איהר אום'ברחמנות'דיגער קריטיק פון דער אינטעליגענץ.

די סלאָווא־פילען זענען טעאָרעטיש געשטאַנען אויף דעם שטאַנד־פּונקט פון העגעל'ס פילאָסאָפיע. די געשיכטע ווערט בעשאַפען, אזוי האָט געלערנט העגעל, ניט פון די איינצעל־מענשען, ווי געניאַל זיי זאָלען ניט זיין, נאָר פון דעם וועלט־גייסט, פון דעם אינווענינסטען שכל, וואָס ווירקט אין יעדער וועלט־פּאַסירונג. דער וועלט־גייסט קלייבט אלע מאָל אויס אן איינצעל־פאָלק, וואָס ווערט פאַר א בעשטימטער צייט דער טרע־גער פון זיין, דעם וועלט־גייסט'ס, פּראָגרעסיווער ענטוויקעלונג.

אין דעם איינצעל־פאָלק ווירקט ער, ווי דער פאָלקס־גייסט אָדער ווי דעם פאָלקס נשמה, און די איינצעלנע פּערזענליכקיי־טען, די אויסדערוועהלטע העלדען, זענען ניט מעהר ווי שלוחים, וואָס פיהרען אוים די בעפעהלען פון זייער הארר, דעם פאָלקס־גייסט.

די סלאָווא־פילען האָבען געגלויבט, אז אין דער איצטיגער צייט זענען די סלאווען געווארען דער „אתה בחרתנו“ פון דעם

צו־צושטעהען צו איהר אין איהר ביטערן קאמף, פול קרבנות און יסורים.

עס איז אויך קיין חדוש ניט, וואָס זי האָט זיך געמוזט פריה פערטראַכטען וועגען דעם זין פון איהר איינענער עקזיסטענץ און טהעטיגקייט, וועגען איהר ראָליע און בעדייט אין דעם געשיכט־ליכען לעבען.

זי — די רעוואָליוציאָנערע אינטעליגענץ — בעשטעהט פון איינצעל־מענשען, פון אויסערוועהלטע יחידים און העלדען. וואָס קאָן א יחיד, אפילו א העלד, וואָס קאָן א גרופּע פון יחידים, אפילו העלדען, אויפטהאָן מיט זייער מסירת־נפש אין דער געשיכטע? וואָס פאר א ממשות האָבען זייערע אידעאַלען, פאר וועלכע זיי קעמפען, ווען די מאַסען ווילען פון זיי נישט ניט וויסען? זע־נען זיי גערעכט אין זייער קאמף, אפילו ווען זיי זענען פער'משפט' אויף א ניעדערלאַגע? אָדער איז סוף־כל־סוף די מאַסע גערעכט, ווען זי הערט זיך ניט צו צו זייער רוף?

אזעלכע און עהנליכע פראַגען האָבען שוין לאַנג געמוזט ענ־בערן אין די מוחות פון דער רוסישער אינטעליגענץ, און עס איז זעהר נאַטירליך, אז אויף זיי האָבען געמוזט אַרויסגעבראַכט ווע־רען צוויי דיאַמעטראַל פערשיידענע ענטפערן. דער רוסישער גע־דאַנק האָט זיך אַרום געוואָרפען, ווי אַן אַדלער אין אַן ענגען שטייג און האָט זיך אַלע מאָל אָנגעשלאָגען באַלד אָן איין אייזערנער וואַנד, באַלד אָן דער אַנדערער, דער ענטגעגענגעזעצטער.

האָט די אינטעליגענץ געטראַכט וועגען דער אייגענער שוואַכ־קייט, אָבגעזונדערטקייט און אָבגעריסענקייט פון פאָלק, איז זי גע־ווען נוטה צו פערשילטען די אייגענע ביינער און פאַלען כורעים פאר'ן פאָלק, פאר'ן מ א ס ע ן פּ ר י נ צ י פּ. האָט זי ווידער געזעהען, אין וואָס פאר א לאַגע די מאַסען געפינען זיך, ווי שטום, טויב און בלינד זיי זענען נאָך, וואָס פאר א חושך עס הערשט נאָך אין זייערע מוחות און ווי קיין זאַך קאָן ניט פערבע־סערט ווערן, ביז מען וועט זיי ניט בעפרייען פון דעם שטיקענדען פּאָליטישען רעזשים, פלעגט זי ווידער פערגעסען אויף איהר איי־גענער שוואַכקייט און אין איבערמוטה אריין וואַרפען זיך אין דעם ניט גלייכען קאמף.

בורזשואזיע אנטגעגען דער קאָנסערוואַטיווער, אָפּטמאָל רעאַקציאָ־
נערער אַריסטאָקראַטיע, און פון דעם סוף דרייסיגער יאָהרען
אָן איז שוין אויף דער ארענע פון דעם פּאָליטישען קאַמף ארויף
געטרעטען א דריטער קלאַס מיט א נייעם סאָציאַל־פּאָליטישען לאָ־
זונג : דער פּראָלעטאַריאַט מיט זיין סאָציאַליזם.

דאָס פּאָליטישע לעבען אין פראנקרייך איז געוואָרען דער
מוסטער־בילד פאַר אַלע אַנדערע מערב־אייראָפּעאישע לענדער.
אומעטום זענען אין די פאָרדער־רייהען געשטאַנען די אינטעליגענטע
פיהרער און אינטעליגענטע גרופּען, אָבער זיי האָבען געהאַט הינטער
זיך מ א ס ע ן , וואָס זענען געווען פּעראינטערעסירט אין דעם
קאַמף, — מאַסען, אין וועמעס נאָמען די אינטעליגענץ האָט געקאָנט
רעדען, אויף וועמען זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט, וועמען זי האָט גע־
קאָנט פיהרען אין קריעג.

אין אַזאַ לאַגע איז געווען נאַטירליך, וואָס די אינטעליגענט האָט
פּסיכאָלאָגיש ניט געקאָנט ארויסטיילען זיך אליין, ווי א בעזונדער
געזעלשאַפטליכע קראַפט, און אוועקשטעלען זיך להיפך צו די מאַ־
סען, פון וועמען זי איז געווע' אָבהענגיג און צו וועמען זי האָט
זיך געמוזט ווענדען אויף שריט און טריט.

אין רוסלאַנד איז אָבער די אינטעליגענץ געווען אָנגעוויעזען
אויף איהרע אייגענע כוחות. מיט די אייגענע מיטלען האָט זי
געמוזט אָנפאַלען אויף א טויזענד־פאַך שטאַרקערען שונא, און דאָס
וואָס זי האָט ניט געקאָנט בעווייזען אין דעם פּונקט פון ק ו ו א נ־
ט י ט ע ט, פון דעם צאָהל אָנהענגער און פּעראינטערעסירטע,
האָט זי געמוזט אויסגלייכען מיט דער ק ו ו א ל י ט ע ט, מיט
דעם מאיומ'דיגען אימפּעט פון דעם אָנפאַל. קעמפּען אנטקעגען
דער רעגיערונג אָדער געהן להיפך צו איהר, האָט אין רוסלאַנד
קודם כל געהייסען געהן אויף מסירת־נפש.

אונטער אַזעלכע אומשטענדען איז קיין חדוש ניט, וואָס אין
רוסלאַנד האָט די אינטעליגענץ געמוזט פריה קומען צו דעם בע־
וואוסטזיין פון איהר ז ע ל ב ס ט ־ ש ט ע נ ד י ג ק י י ט, פון
איהר אָבגעזונדערטקייט פון יענע מאַסען, וועמעס אינטערעסען זי
האָט אין אויג, אָבער וואָס ווייזען ניט ארויס קיין ברעקעל חשק

# דריטער קאַפּיטעל

## וועגען די געשיכטליכע ראָליע פון דער אינטעליגענץ.

אין דעם משך פון כמעט דעם גאַנצען ניינצעהנטען יאָהר־הונדערט איז די פּאָליטישע געשיכטע פון רוסלאַנד בעשטאַנען אין דעם שטענדיגען קאַמף פון דער רוסישער צאַרישער רעגיערונג אנטגעגען אַלע פרייהייטליכע בעוועגונגען פון דער רוסישער געזעלשאַפט.

אַלע יענע פרייהייטליכע בעוועגונגען האָבען ביז צו דעם סוף פון די נייענציגער יאָהרען געהאַט איין איינציגען בשותפות'שען כאַראַקטער־שטריך. זיי זענען אַלע געווען בעוועגונגען פון דער א י נ ט ע ל י ג ע נ ץ, פון א קליינעם טייל געבילדעטע מענשען, — דאָס רוב יונגע לייט.

די גרויסע פאָלקס־מאַסען: די פויערים, בעל־מלאכה'ס, קליין־בירגער און ארבייטער זענען געווען אַזוי עקאָנאָמיש און פּאָליטיש דערשלאַגען, אַזוי הינטערשטעליג אין דער קולטורעלער ענטוויקלונג, אַז עס האָט גאָר קיין רעד ניט געקאָנט זיין, פון א וועלכען עס איז בעוואוסטען אנטיילנעהמען זייערען אין דעם קאַמף.

אָבער אפילו די אַזוי אָנגערופענע געבילדעטע געזעלשאַפט האָט ניט ארויסגעוויזען קיין ווילען און קיין מאכט צו בעשאַפען א וועלכע עס איז פּאָליטישע פּאַרטיי, מיט א קלאָרען פּראָגראַם און א פעסטער אָרגאַניזאַציע. העכסטענס, וואָס די אידעאַליסטיש קעמפענדע אינטעליגענציע האָט געהאַט אין איהר, איז ס י מ פּ א ט י ע און א באָדען, אויף וועלכען זי פלעגט אויפציהען נייע קעמפער, נייע איינצעלנע יחידים.

אין מעריב־אייראָפּא איז דאָס געווען אַנדערס. די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע פון דעם יאָהר 1789 האָט אין פראַנקרייך אויפגעוועקט די פאָלקס־מאַסען צו פּאָליטישע זעלבסט־טהעטיגקייט, און זיי האָבען זיך באַלד גענומען גרופּפּירען אין פערשיידענע פּאַרטייען, לויט זייער קלאַסען־לאַגע און לויט זייערע קלאַסען־אינטערעסען. ביז צו די דרייסיגער יאָהרען איז דער פּאָליטישער קאַמף געפיהרט געוואָרען פון דער ליבעראַלער, אָפט מאָל רעוואָלוציאָנערער

איז דאָס אמת, אַז די גרויסע פּערזענליכקייטען, וואָס בעשאַפען אידעאַלען, די פיעלע ניט־עקאָנאָמישע פאַקטאָרען און די רע־וואָליוציאָנערע אינטעליגענץ האָבען שוין קיין ברעקעל היסטאָרישע קראַפט ניט אין זיך?

אַז אָדער די צעהנדליגע מיליאָנען פּויערים, דאַרפען צוגערעכנט ווע־רען צו דעם פּראָלעטאַריאַט,—וואָס דאָס האָבען אַפילו די סאָציאַליס־טען־רעוואָלוציאָנערען קיין מאָל ניט געפּרובט טהאָן,—אָדער מען וועט מוזען אָננעהמען, — ווי דאָס האָבען געטהאָן די רוסישע מאַרקסיסטען, — אַז זיי, די צעהנדליגער מיליאָנען אמת'ע שפּיי־זער און ברויט־געבער לעבען פון דער „אונבעצאָהלטער פּראַצע“ וועלכע זיי האָבען ארויסגעזויגען פון אַ פּאָר מיליאָנען פּראָלעטאַ־ריער.

דרייסיג מיליאָן פּויערים — און מיט זייערע פאַמיליעס אי־בער אַ ה ו נ ד ע ר ט מיליאָן נפשות! — לעבען אויף דעם חשבון פון דריי ביז פינף מיליאָן לוין־אַרבייטער, — אָט דאָס איז דער הימעל־שרייענדער פּידרך, וואָס ליעגט בעהאַלטען אין דער בעהויפּטונג, אַז די פּויערים געהערען צו דער בורזשואַזיע.

אָבער — יע אַרבייטער, ניט אַרבייטער, די מאַרקסיסטי־שע טעאָריע פער'משפּט זיי אויף אַ זיכערען פערשווינדען אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. עס איז אפשר אַ גרויסע עולה. איז האָט איהר אַן עולה ביי דער געשיכטע! זייער פערשווינ־דען ווערט געפאָדערט פון דעם אומברחמנות'דיגען עקאָנאָמישען ענטוויקלונגס־פּראָצעס און קיין אַנדערע זעלבסטשטענדיגע גע־שעפּטליכע קרעפטען, אַ חוץ עקאָנאָמישע, זענען ניטאָ.

ניט די אידעאָלאָגישע פאַקטאָרען, מיט זייער דאגה'נען פאַר „יושר“ און „עולות“, ניט די איינצעלנע גרויסע און איידעלע מענשען וואָס ברענגען ארויס די געזעלשאַפטליכע אידעאַלען, ניט די רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ, וואָס נעהמט אויף זיך צו פערקערפּערען יענע אידעאַלען אין לע־בען האָבען ניט קיין ברעקעל מאַכט איבערצובייטען דעם „נאַטיר־ליכען ענטוויקלונגס גייסט“, אריינצופלעכטען זייער ווילען אין די אייזערנע געזעצען פון דעם סטיכישען עקאָנאָמישען פּראָצעס.

מיר וועלען לאָזען אַן אַ זייט די „פאָדערונגען“ פון דעם עקאָ־נאָמישען פּראָצעס. עס איז אַ סברה, אַז די נייעסטע סטאַטיסטי־קען זענען געקומען צו אַ גאַנץ אַנדער בילד וועגען פערשווינ־דען פון די פּויערשע באַלאַבאַטישקייטען. די אַליין־אַרבייטענדע פּויערים איילען זיך שוין גאָר ניט צו פערשווינדען. אָבער דאָס לאָזען מיר איבער צו די סטאַטיסטיקער. אונז אינטערעסירט איצטער די ט ע אָ ר ע ט י ש ע פראגע, וואָס איז מיט דעם פערבונדען.

א שקלאַווענהאַלטער איז מען נאָר יעמאָלט, ווען מען האָט אַ ן אַ נ ד ע ר ע ן מ ע נ ש ע ן פאַר אַ שקלאַוו. אַ לענדלאָרד נאָר יעמאָלט, ווען מען האָט אַן אַנדערן פאַר אַ רענדאַר. אַ קאַפּי־טאַליסט נאָר יעמאָלט, ווען מען האָט אַן אַנדערן פאַר אַ לוין־אַרבייטער.

דער פויער, וואָס איז לויט דער פּסעוודאָ־מאַרקסיסטישער טעאָריע אַ צענויפגוס פון לענדלאָרד, קאַפּיטאַליסט און לוין־אַר־בייטער, איז אין דער אמת'ען נ י ט קיין לענדלאָרד, ניט קיין קאַפּיטאַליסט און ניט קיין לוין־אַרבייטער. ער איז לויט דער אמת'ער מאַרקסיסטישער טעאָריע, ווי מיר האָבען געזעהן, פּשוט אַן אַרביי־טער, וואָס איז נאָך ניט צו שיידט געוואָרען מיט זיינע אַרבייטס־בעדינגונגען, און דעריבער געהערט ער צו דעם גרויסען אַרבייטער־קלאַס.

אויף וויפיעל דער ענין פון אַרבייטער און לוין־אַרבייטער, פון אַרבייטער־קלאַס און פּראָלעטאַריאַט איז נאָך ניט קלאָר פאַר אַ סך מאַרקסיסטישע סאָציאַליסטען אַפילו אין דער גאָר לעצטער צייט, קאָן בעוויעזען ווערן פון אַ ציטאַט, וואָס איך נעהם אַרויס פון חבר א. ש. זאַקס בוך: „די לעהרע פון דעם סאָציאַליזם“.

אויף זייטע 141 לייענען מיר:

„אויב דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם לערנט אונז, אַז דער פּראָלעטאַריאַט איז דער פאָרשטעהער פון די נייע ענטוויקעלטע פּראָדוקטיוו־קרעפטען, וועלכע פאָדערן אַ סאָציאַליסטישע אָרד־נונג, לערנט אונז די מעהרווערטה־טעאָריע, אַז דער פּראָלעטאַריאַט איז דער אַ י י נ צ י ג ע ר שפּייזער און ברויט־געבער פון אונ־זער געזעלשאַפט, אַז אַלע אַנדערע קלאַסען לעבען פון דער אָנבע־צאָהלטער אַרבייטער'ס פּראַצע, און אַז ווען ניט דער אַרבייטער קלאַס וואָלטען אַלע מוזען הונגערן“.

דער לוין־אַרבייטער, דער איינציגער שפּייזער און ברויט־געבער!

פּרובירט אָנווענדען דעם זאַץ אויף רוסלאַנד, וואו אויף צעהענד־ליגער מיליאָנען אַרבייטער, אַרבייטענדע פויערים, די אמ*'ע שפּייזער און ברויט־געבער פון דער רוסישער געזעלשאַפט, געפינען זיך ניט מעהר ווי עטליכע מיליאָן פּראָלעטאַריער, און עס וועט אויסקומען,

מ ע ה ר ו ו ע ר ט ה און אז זיי זענען נאָר יעמאָלט מעהרוועֶרטה, ווען די ב ו ר ז ש ו א ז י ע נעהמט זיי אראָב פון דעם אר־בייטס־לוין.

כדי אביסעל מעהר מסביר צו זיין דעם ענין, וואָס שפּיעלט די ראָליע פון א צענטראַל־פּונקט אין דעם געדאַנקען־גאַנג פון די סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען, וועל איך ברענגען א ביישפּיעל.

לאָז זיין, איך בין אן ארבייטער, וואָס ארבייט אויס סחורות אין דעם ווערטה פון צוואַנציג דאָלאַר. איך האָב זיי פערקויפט אויפ'ן מארק און האָב בעקומען זייער ווערטה. נאָר פאָהרענדיג אהיים, איז אויף מיר אין וואַלד אָנגעפאַלען א גזלן און האָט אוועק־גערויבט ביי מיר צעהן דאָלאַר. איז געקומען אן אייזדעלער מענש און האָט גענומען זידלען דעם גזלן: רויבער! ווי קאָנסטו לעבען אויף דאָס געלד, דאָס איז דאָך גע'גזל'טע געלד! ווער איך שטאַרק אין מיין דעה און וואַרף זיך ארויף אויף דעם רויבער און נעהם ביי איהם אָב מיין געלד. ערשט דער איידעלער מענש פאַלט שוין גאָר איצטער אָן אויף מיר. „רויבער! ווי קאָנסטו לעבען פון דעם געלד, ס'איז דאָך גע'גזל'ט געלד." — „ס'טייטש", טענה איך, „דאָס האָט ער דאָך ביי מ י ר גע'גזל'ט. דאָס איז דאָך לכתחילה געווען מ י י נ ס" „וואָס איז די נפקא מינה", ענט־פערט ער מיט א מיט א מערקווירדיגער פילאָסאָפישער טיעפקייט. „גע'גזל'ט געלד איז גע'גזל'ט געלד, אַלץ איינס, וואו עס זאָל זיך ניט געפינען".

און פון דערזעלבער טיעפקייט איז אויך יענער ארגומענט, וואָס זאָגט, אז דער פויער איז אין דערזעלבער צייט זיין אייגענער לענד־לאָרד און זיין אייגענער קאַפּיטאַליסט.

עס איז אקוראַט, ווי ווען איינער וואָלט געזאָגט: יעדער מענש איז זיין אייגענער שקלאַוו און זיין אייגענער שקלאַווען־האַל־טער און היות ווי אין דער איצטיגער געזעלשאַפט איז דורך'ן געזעץ פערווערט צו פערקויפען זיך אין שקלאַווערייי אָדער קויפען שקלאַ־ווען, מוז יעדער מענש דאָפעלט בעשטראָפט ווערן פאַר ווערען א שקלאַוו און פאַר זיין א שקלאַווען־האַלטער, און דאַרף נאָך בע־קומען אן עקסטרא שטראָף פאַר מ ע ק ל ע ר י י, ווייל ער האָט צונויפגעפיהרט דעם שקלאַווענהאַלטער מיט דעם שקלאַוו.

זען, אז ניט נאָר ווערט ביי איהם פאַקטיש אוועקגענומען זיין „לענד־לאָרד"־רענט און קאַפּיטאַליסטען־ריוח, נאָר עס ווערט נאָך צוגע־כאַפּט א טייל פון זיין לוין־ארבייט אזוי אז איהם בלייבט נאָך ווע־ניגער, ווי א פשוט'ען ארבייטער.

די פאַקטען, אויף וועלכע מען בערופט זיך דאָ, זענען בדרך כלל ריכטיג. אָבער קיין פּרינציפּיעלער ענט־פער איז דאָס ניט. א קאַפּיטאַליסט און א לענד־לאָרד הערען ניט אויף צו זיין קאַפּיטאַליסט און לענד־לאָרד, אפילו ווען זיי דערלעגען צום קאָפּ צו דעם קאַפּיטאַל אָדער צו דעם אומ־בעוועגליכען גוט. אויב די הכנסה פון דעם פויער (ניט דאָס וואָס איהם בלייבט) שטאַמט פון רענט און ריוח, קאָן מען זיך ניט העלפען, מוז מען איהם צורעכענען לכּחות טיילווייז צו דער בורזשואַזיע.

אין אמת'ן אָבער בעוויזט אַט די גאַנצע טענה, ווי וועניג מען האָט דעם מאַרקסיזם פערשטאַנען. מען פערגעסט אז מעהרווערטה איז נאָר יעמאָלט מעהרווערטה, ווען ער ווערט אוועקגענומען ביי דעם ארבייטער, ווען ער שטעלט מיט זיך פאַר ניט בעצאָהלטע ארבייט. א מעהרווערטה, וואָס בלייבט ביי דעם ארבייטער, הערט אויף צו זיין מעהרווערטה, און איז ניט מעהר ווי.... ארבייט, וואָס איז בעצאָהלט. זאָגען, אז אַן ארבייטער, וואָס בעקומט דעם פולען פּראָדוקט פון זיין ארבייט, לעבט פון מעהרווערטה, הייסט פאַר־אויסזעצען, אז ער בעצאָהלט ניט איינעם דערביי. וועמען בעצאָהלט ער דען ניט? דעם לענדלאָרד און דעם קאַפּיטאַליסט! קומט זיי דען על פּי מאַרקס א חלק פון דעם געשאַפענעם ווערטה? על פּי מאַרקס זענען דאָך רענט און ריוח ניט זעלבסט־שטענדיגע קוואַלען פון ווערטה, וואָס קומען צו צו דער ארבייט, ווי דאָס הערען ניט אויף צו טענה'ן די בורזשואַזע עקאָ־נאָמיסטען. זיין גאַנצער אויפטהו אין דער נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיע איז דאָך בעשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט בעוויזען, אז זיי קומט גאָר נישט: אז דאָס, וואָס זיי נעהמען, נעהמען זיי דאָס אוועק פון דעם ארבייטער; אז רענט און ריוח זענען

די איצטיגע געזעלשאַפט איז איינגעטיילט אין דריי גרויסע קלאַסען: אין לאַנד־בעזיטצער וואָס לעבען פון רענט, קאַפּיטאַליסטען וואָס לעבען פון רויח אָדער פּ ר אָ פ י ט און פון ארבייטער וואָס לעבען פון רויח אָדער פּ ר אָ פ י ט און ארבייטער

די פּעריאָדישע פּאַנאַנדערטיילונג פון דער גאַנצער געזעלשאַפטליכער הכנסה צווישען די דריי קלאַסען ווערט סוף־כל־סוף דורכגעפיהרט א ו י ף ד ע ם מ א ר ק, וואו די סחורות ווערען פערקויפט צו דעם קאָנסומענט. אין יעדען פרייז פאר יעדען שטיקעל סחורה, וואָס דער קאָנסומענט קויפט, ווערען אריינגערעכענט: דער חלק, וואָס דער לענדלאָרד בעקומט פאר זיין אייגענטום־רעכט אויף לאַנד, דער חלק, וואָס דער קאַפּיטאַליסט בעקומט פאר זיין אריינגעלעגטען קאַפּיטאל, און דער חלק, וואָס דער ארבייטער בעקומט פאר זיין ארבייט.

איצטער לאָמיר זעהען, וואָס עס טהוט זיך דאָ מיט דעם פּויער. ווען א זעקעל תבואה ווערט געבראַכט אויפ׳ן מאַרק, פרעגט קיינער ניט, צו די תבואה שטאַמט פון דעם פּריץ׳ס הויף, אָדער דעם ארענדאַר׳ס גוט, אָדער דעם פּויער׳ס קרקע. הייסט עס, אז אין דעם פּרייז, וואָס דער פּויער בעקומט פאר זיין תבואה, ווערט איהם אריינגערעכענט א חלק רענט, ווייל דער פּויער איז זיין אייגענער לענדלאָרד, און א חלק רויח, ווייל ער איז זיין אייגענער קאַפּיטאַליסט, און א חלק ארבייטס־לוין, ווייל ער איז זיין אייגענער לוין־ארבייטער.

דער פּויער איז אויך אַזאַ׳ן אופן ניט קיין ריינער ארבייטער, נאָר א כפול־שלשה׳דיגע בריאה: א לענדלאָרד און א קאַפּיטאַליסט און אן ארבייטער אין איין און דעם זעלבען נפש. און ווי א לענדלאָרד לעבט ער פון רענט, ווי א קאַפּיטאַליסט — פון רויח און ווי אן ארבייטער — פון לוין. על כל פנים לעבט ער אויך פון מ ע ה ר ו ו ע ר ט ה — ווייל רענט און רויח זענען דאָך מעהרווערטה — און מוז צוגעצעהלט ווערען צו דער בורזשואזיע.

אנטגעגען אָט דער זעהר שאַרפזיניגער, כלומרשט מאַרקסיסטישער טענה, ענטפערן געוועהנליך סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען, אז אין דער ווירקליכקייט ווערט פון דעם פּויער אַזויפיעל אויסגעצאַפּט אין דער פאָרם פון אלערליי מלוכה־אבצאָהלונגען און צינ־

די אינטערעסען פון דער ארבייט, וואָס פליסען ארויס פון דער אינגווענינגסטער לאָגיק פון דער זאַך גופא, קאָנען בפריעדיגט ווערן נאָר אין א פרייהייטליכער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט און דערפאַר איז דער סאָציאַליזם דער לאָגישעסטער ענד־ציעל פון יעדען ארבייטער, סיי דעם פּראָלעטאַריער, סיי דעם זעלבסטשטענ־דיגען האנדווערקער און פויער, וואָס לעבען ניט פון איסנוצען פרעמדע ארבייט.

די ארבייט איז דער איינציגער מקור־חיונה פון די ארבייטער. זיי מוזען זיין פעראינטערעסירט, אז אַט דער לעבענס־שטראָם זאָל פליעסען און שפייזען נאָר זיי און ניט די, וואָס זויגען זיי אויס. ווי איינפאַך דער געדאַנק איז, אזוי געוואַלטיג פּרוכטבאַר איז ער ווי א פּרינציפּ פאַר דער צוקונפטיגער געזעלשאַפט און ווי א ריכט־שנור פאַר דעם טאָג־טעגליכען פּאָליטישען און עקאָנאָמישען קאַמף פון דעם איינהייטליכען ארבייטער־קלאַס.

על־כל־פנים איז די צורעכענונג פון די פויערים און די האנד־ווערקער צו דער קליין־בורזשואזיע, וואָס קלינגט אויף דעם ערשטען בליק אזוי כשר־מארקסיסטיש, אין תוך אריין אַן אָבליי־קענונג פון דעם מאַרקסיזם, לפּחות, פון יענעם מאַרסיזם, וואָס האָט געפונען זיין קלאָרסטען אויסדרוק ניט אזוי אין דעם „קאָמוניסטישען מאַניפעסט“ פון דעם סוף פערציגער יאָהרען, ווי אין דעם „קאַפּיטאַל“ פון דעם סוף זעכציגער יאָהרען.

איידער איך פערלאָז דעם ענין פון „ארבייטער און פּראָלע־טאַריער“ מוז איך מיך אויף א ווײַלע אָבשטעלען נאָך אויף א טענה אנטגעגען אונזער טעאָריע, אז די זעלבסט־ארבייטענדע פוי־ערים מוזען צוגערעכענט ווערען צו דעם ארבייטער־קלאַס. אויך די טענה איז ארויסגעשטעלט געוואָרען פון אָרטאָדאָקסע מאַרקסיסטען מיט קלינגענדע נעמען אין רוסלאַנד און אויך זי „כאַפּט אָן דעם אָנבליק“, — ווי שלום־עליכם וואָלט געזאָגט, — פון א שוידער־האַפטע מאַרקסיסטישען געדאַנק, אין אמת'ען אָבער, ווען מען טראַכט זיך נאָר אביסעלע טיעפער אריין, כאַפּט זי גאָר דעם מאַרקסיזם פאַר'ן גאָרגעל און פערכאַפּט דערמיט אין דעם בוכשטעבליכען זין פון דעם וואָרט זיין לעבענס־אָטהעם.

הנה ידוע, — אזוי קאָן מען אָנהויבען יענע טענה, — אז

און אַנאייגנונג עקזיסטירט דאָ פּראַקטיש"*).

איז — לאָמיר איין מאָל פאַר אַלע מאָל געדענקען. צווישען דעם פּריוואַט־אייגענטום פון דעם קאַפּיטאַליסט אָדער דעם בורזשואַ און דעם פּריוואַט־אייגענטום פון דעם אַרבייטער (דעם האַנדווערקער און דעם פּויער) עקזיסטירט אַ ווידערשפּרוך. ניט קוקענדיג אויף זייער יורידישער עהנליכקייט, אָדער איינערלייקייט זענען זיי סאָציאַל־עקאָנאָמיש צוויי דיאַמעטראַל אַנטגעגענגעזעצטע זאַכען.

וואָס מאַכט זיי פאַר אַזעלכע היפכים, וואָס שליעסען איינער דעם אַנדערן אויס?

מאַרקס גיט אויף דער שאלה דעם קלאָרסטען און פּרינציפּיעל ריכטיגסטען ענטפער. דעם אַרבייטערס פּריוואַט־אייגענטום „רוהט אויף אייגענע אַרבייט, אַנשטאָט אויף עקספּלאָאַטאַציע פון פרעמדע אַרבייט"**).

אָט דעם געוואַלדיגסטען ווידערשפּרוך צווישען „לעבען פון אייגענע אַרבייט און לעבען פון פרעמדע אַרבייט" האָבען די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען טעאָרעטיש אַוועק געלעגט אין דעם יסוד פון זייער איינטיילען די געזעלשאַפט אין קלאַסען און פּראַקטיש אָנגענומען פאַר דעם גרונד־פּרינציפּ פון דעם סאָציאַליסטישען קלאַסען־קאַמף.

זיי געהן אַרויס פון דעם גרונד־געדאַנק, אַז די אינטערעסען פון אַלע די, וועלכע לעבען פון זייער אייגענער אַרייבט, זענען אַלע מאָל געווען, זענען איצטער און וועלען אויך זיין אין דער צוקונפט איין און־דיעזעלביגע: דאָס בעשטרעבען, אַז די פּראָדוקטען פון זייער אַרבייט זאָל געהערען צו זיי און אַז קיינער זאָל ניט האָבען ניט קיין רעכט און ניט קיין מאַכט אַראָבצורייסען פון די פּראָדוקטען עפּעס פאַר זיך, סיידען לויט דעם פרייען בעשלוס פון די אַרבייטער גופא, ווי אַן אָבצאָהל פאַר דיענסט און ניצליכע לייסטונגען, אין וועלכע די אַרבייט אַליין נויטיגט זיך.

---

*) ד. ג. ז. 746.
**) ד. ג. ז. 753.

ד ר י ט ע נ ס :  אז בטבע, איך מיין, לויט דער אינווע־ניגסמער לאָגיק פון דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישען געשעהן, געהערען ארבייטער און פראָדוקציאנס־מיטלען איינער צום אנדערן. איי־גענטום אויף פראָדוקציאנס־מיטלען, ממילא אויך אויף ערד, מאַכט ניט פון דעם ארבייטער אוים אַרבייטער.

פ ע ר ט ע נ ס :  אזאפילו פ ר י וו א ט ־ א י י ג ע נ ט ו ם אויף פראָדוקציאנס־מיטלען שליידערט דעם ארבייטער ניט ארוים פון דעם גדר ארבייטער און ווארפט איהם ניט אריין אין דעם קלאַס פון די קאַפּיטאַליסטען, פון דער בורזשואזיע, וואָס לעבט פון מעהר ווערטה, ווייל,

פ י נ פ ט ע נ ס :  קאַפּיטאַליסטישער פריוואַט־אייגענטום און ארבייטער פריוואַט־אייגענטום זענען צוויי היפכים, וואָס שליע־סען איינער דעם אַנדערן אוים. איינער איז די נעגאַציע (די אב־לייקענונג) פון דעם אנדערן.

דעם לעצטען געדאנק ברענגט קארל מארקס בעזאָנדערס שארף ארוים אין דיזן פאראגראף וועגען דער מאָדערנער קאָלאָני־זאציאנס־טעאָריע. אין די קאָלאָניעס „וואו די צושיידונג פון דעם ארבייטער מיט זיינע ארבייטס־בעדינגונגען און זייער וואָרצעל — דעם גרונד און באָדען, עקזיסטירט נאָך ניט"*) וואו עס איז נאָך דאָ פרייע ערד, וואָס יעדער איינער קאָן בעארבייטען מיט זיינע אייגענע הענד, פיהלט זיך דער קאַפּיטאַליזם זעהר פערענגט אין זיין ענטוויקלונג, דערקלערט מארקס.

„דער קאַפּיטאַליסטישער אופן פון פראָדוקציע און אָנאייגנונג שטויסט זיך דאָ אומעטום אָן אויף א שטער :  אויף אָן אייגענטום פון דעם פראָדוצענט, וואָס איז פון איהם גופא בעארבייט גע־וואָרען, פון א פראָדוצענט, א פריוואַט־אייגענטימער פון זיינע אייגענע ארבייטס־בעדינגונגען, וואָס בערייכערט דורך זיין ארבייט זיך אליין, אַנשטאַט דעם קאַפּיטאַליסטען.  ד ע ר  וו י ד ע ר ־ ש פ ר ו ך", זאָגט ווייטער קארל מארקס און שטרייכעלט אונטער „פון  ד י  צ וו י י  ד י א מ ע ט ר א ל ־ א נ ט ג ע ג ע נ ־ ג ע ז ע צ ט ע  א ו י פ נ י ם  פ ו ן  פ ר אָ ד ו ק צ י ע

*) ד. ג. ז. 750.

נויפֿוואַקסונג פֿון דעם איזאָלירטען אָנאָבהענגיגען ארבייטס־אינדיווידואום מיט זיינע ארבייטס בעדינגונגען ווערט ארויסגעשטיפּט דורך דאָס קאַפּיטאַליסטישע פּריוואַט־אייגענטום, וואָס רוהט אויף דער עקספּלאָאַטאַציע פֿון פֿרעמדע, אָבער פֿאָרמאַל פֿרייע ארבייט"...

„די ארבייטער זיינען פערוואנדעלט געוואָרען אין פּראָלעטאַריער, זייער ארבייטס־בעדינגונגען אין קאַפּיטאַל.... וואָס עס בלייבט איצטער צו עקספּראָפּריאירען איז שוין ניט מעהר דער ארבייטער, וואָס פֿיהרט זיין אייגענע באַלאַבאַטישקייט, (אונטערגעשטראָכען פֿון מיר. זש.) נאָר דער קאַפּיטאַליסט וואָס עקספּלאָאַטירט א פֿולע ארבייטער"...

„דער קאַפּיטאַליסטישער אופֿן פֿון פּראָדוקציע און אָנאייגענונג, ממילא דאָס קאַפּיטאַליסטישע פּריוואַט־אייגענטום, איז די ערשטע נעגאַציע פֿון דעם אינדיווידועלען פּריוואַט־אייגענטום, וואָס איז געגרינדעט אויף אייגענע ארבייט. די נעגאַציע פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע ווערט פּראָדוצירט דורך איהר גופא מיט דער נויטווענדיגקייט פֿון א נאַטור־פּראָצעס. דאָס איז די נעגאַציע פֿון דער נעגאַציע. די לעצטערע בויט ווידער אויף דאָס אינדיווידועלע אייגענטום, אָבער אויף דער גרונדלאַגע פֿון די עראָבערונגען פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער ערע: קאָאָפּעראַציע פֿון פֿרייע ארבייטער און זייער קהל'שען אייגענטום אויף ערד און די פּראָדוקציאָנס־מיטלען וואָס זענען פּראָדוצירט געוואָרען דורך דער ארבייט גופא*).

ווער עס האָט נור מיט קאָפּ דורכגעלייענט די נאָר וואָס ציטירטע שטעלען, פֿאַר יענעם קאָן שוין ניט זיין קיין ספק אין דעם אמת פֿון די פֿאָלגענדע פּונקטען:

ערשטענס: אז ניט נאָר דער פּראָלעטאַריער, דער לוין־ארבייטער איז אן ארבייטער.

צווייטענס: אז זיין א פּראָלעטאַריער, ד. ה. ניט האָבען קיין ברעקעל אייגענטום אויף די מיטלען פֿון דער פּראָדוקציע, איז נאָר א געשיכטליכער איבערגאַנג אין דער ענטוויקלונג פֿון דעם ארבייטער־קלאַס.

*) דאָרטען גופא, ז. 742—745.

אנדער זייט — די אונמיטעלבארע פּראָדוצענטען אין לוין־ארביי־טער"*)

„היסטאָריש עפּאָכעמאכענד אין דער געשיכטע פון דעם צו־שיידונגס־פּראצעס זענען די מאָמענטען, אין וועלכע גרויסע מענ־שען־מאסען זענען פּלוצלונג און איבער געוואלד צושיידט געוואָרען מיט זייערע סובסיסטענץ־ און פּראָדוקציאָנס־מיטלען און געשליי־דערט געוואָרען אויף דעם ארבייטס־מארק, ווי פויגעל־פרייע פּראָ־לעטאריער. אין דער עקספּראָפּריאציע פון דעם ארבייטער פון דעם גרונד־און־באָדען בעשטעהט די גרונד־לאגע פון דעם גאנצען פּראָצעס"**).

אין דעם סוף פון דעם קאפּיטעל גיט קארל מארקס א קורצען איבערבליק איבער דעם גאנצען היסטאָרישען פּראצעס פון דעם מאָ־מענט, ווען דער ארבייטער ווערט אבגעריסען פון זיינע ארבייטסמיט־לען ביז צו יענער צייט, ווען עס טרעט אריין די „נעגאציע פון דער נעגאציע", ווען דער ארבייטער פעראייניגט זיך ווידער מיט זיי אין דער סאָציאליסטישער געזעלשאפט.

רעדענדיג וועגען דעם „קליין־בעטריעב", זאָגט קארל מארקס, אז ער קאָן נאָר דאָרטען אויפבליהען, „וואו דער ארביי־טער איז א פרייער פּריוואט־אייגענטימער פון זיינע ארבייטס־בעדינגונגען, מיט וועלכע ער בעדיענט זיך אליין, דער פּויער — פון דעם אקער, וועלכען ער בעזאָרגט, דער האנדווער־קער — פון דעם אינסטרומענט, מיט וועלכען ער שפּיעלט, ווי א „ווירטואז". דער קליין־בעטריעב ווערט צושטערט. „די עקספּראָפּאָר־ציע פון דעם אונמיטעלבארען פּראָדוצענטען ווערט דורכגעפיהרט מיט דעם אומ'ברחמנות'דיגסטען וואנדאליזם און אונטער דעם טריעב פון די אינפאמסטע, שמוציגסטע, קליינליכסטע געהעסיגטע לײדענ־שאפטען. דאָס פּריוואט־אייגענטום, וואָס איז פערדיענט געוואָרען מיט אייגענער ארבייט, וואָס רוהט אזוי צו זאָגען אויף דער צו־

*) קארל מארקס, ד. ג. ז. 700.

**) דאָרטען גופא, ז. 701.

אקוראט אזוי ווענינ ווי פּראָדוקציאָנס־ און לעבענס־מיטלען. זיי דאר־
פען ערשט פערוואנדעלט ווערן אין קאפּיטאל. אָט דער פּער־
וואנדלונגס־פּראָצעס גופא קאן אָבער פּארגעהן נאָר אונ־
טער בעשטימטע אומשטענדען. זיי שפּיצען זיך צונויף אָט צו וואָס־
צווייערליי, זעהר פערשיידענע סאָרטען פון וואַארען־בעזיטצער
מוזען זיך צונויפקומען און זיך שטעלען אין קאָנטאַקט, פון איין
זייט די באלאבאַטים פון געלד, פּראָדוקציאָנס־ און לעבענס־מיטלען,
וואָס ווילען פערווערטהען די ווערטה־סומע, וואָס איז
זייער איינען, דורך דעם אָבקויף פון פרעמדע ארבייטס־קראפט;
פון דער אנדערער זייט פרייע ארבייטער, פערקויפער
פון דער איינענער ארבייטס־קראפט און ממילא פערקויפער פון
ארבייט. פרייע ארבייטער אין א דאָפּעלטען זין,
וואָס זיי אליין געהערען ניט אונמיטעלבאר צו די פּראָדוקציאָנס־
בעדינגונגען, ווי שקלאווען, ליובאייגענע א. אז. וו. און וואָס אויך
די פּראָדוקציאָנס־בעדינגונגען געהערען ניט צו זיי, ווי צום ביי־
שפּיעל ביי דעם פּויער, וואָס פיהרט זיין איינענע באלאבאטישקייט
א. אַז. וו., נאָר וואס זענען פריי פון זיי, לויז און לעדיג. מיט אָט
דער פּאָלאריזאציע פון דעם וואַארען־מארק זענען געגעבען גע־
וואָרען די גרונד־בעדינגונגען פון דער קאפּיטאל־סטישער פּראָדוק־
ציע. דאָס קאפּיטאל־שיכות זעצט פאָראויס, אַז די ארבייטער
זאָלען זיך צושיידען מיט דעם איינענטום אויף יענע בעדינגונגען,
וואָס פערווירקליכען די ארבייט. אזוי גיך,
ווי די קאפּיטאליסטישע פּראָדוקציע האָט זיך איינמאָל געשטעלט
אויף איהרע איינענע פיס, אזוי האלט זי ניט נאָר אויף יענע צור־
שיידונג, נאָר זי רעפּראָדוצירט זי אויך אין אלץ וואקסענדער שטו־
פען־לייטער. דער פּראָצעס, וואָס בעשאפט די קאפּיטאל־שיכות,
קאן דעריבער ניט זיין קיין אנדער זאך, ווי דער פּראצעס, וואָס צור־
שיידט דעם ארבייטער מיט זיינע ארבייטס־בעדינגונ־
גען, א פּראָצעס, וואָס פערוואנדעלט פון איין זייט די געזעלשאפטלי־
כע לעבענס־ און פּראָדוקציאָנס־מיטלען אין קאפּיטאל און פון דער

עס איז דעריבער זעהר נויטיג, זיך נאָך א ביסעל לענגער אָבצושטעלען אויף דעם ענין, כדי ארויסצוברענגען איהם אין זיין גאַנצער קלאָרקייט.

איך וויל דאָ אָנפיהרען א פּאָר לענגערע ציטאַטען פון קאַרל מאַרקס׳ „קאַפּיטאַל“, וואָס האָבען ניט צו טהאָן דירעקט מיט אונזער פראגע, וואָס בעווייזען אבער קלאָר ווי דער טאָג, אז דער פאָטער פון דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם האָט געמאַכט א גרויסע נפקא מיניה צווישען דעם ארבייטער בכלל און דעם פּראָ־לעטאַריער בפרט און אז צו די א ר ב י י ט ע ר ב כ ל ל האָט ער גאַנץ קלאָר און דייטליך צוגערעכענט די האַנדוועקער און די פּויערים, וואָס האָבען נאָך ניט פערלאָרען זייער אייגענטום אויף די געצייג און די מיטלען פון דער פּראָדוקציאָן.

די ציטאַטען נעהמען מיר ארויס פון יענע קאַפּיטלען אין „קאַ־פּיטאַל“, וואו עס ווערט גערעדט וועגען דער „אורשפּרינגליכער אַנזאַמלונג“ און וועגען דער „מאָדערנער קאָלאָניזאַציאָנס־טעאָריע“.

„געלד און וואַרע, זאָגט מאַרקס, זענען ניט לכתחילה קאַפּיטאַל,

---

סען מיר זיך, צום ביישפּיעל, אַז ער איז געווען אן אָנהענגער פון פּ ר ע נ אָ ל אָ ג י ע, און האָט יעדען נאָהענטען פריינד גוט אַרום געטאַפּט דעם שאַרבען, כדי אויסצוגעפינען זיינע גייסטיגע אייגענ־שאַפטען, — ווי דאָס דערצעהלט אונז וו. ליעבקנעכט אין זיינע ערינ־נערונגען וועגען מאַרקס׳ן, — איז דאָס געוויס נאָך ניט קיין גרונד, מיר זאָלען אָנהויבען אַנדערש צו קוקען אויף יענער פאַנטאַסטישער שאַרבען־וויסענשאַפט, איידער דאָס טהוט די מאָדערנע געלערנטע וועלט. דאָס איז אויך ריכטיג בנוגע צו זיינע און ענגעל׳ס געדאַנקען וועגען דער דיאַלעקטישער און טריאַדישער ענטוויקעלונג אין דער נאַטור. מיט נאָך מעהר רעכט מוז מען אַוועקשטעלען יענע פאָדערונג צו די טעאָרעטיקער, וואָס דערקלעהרען זיך לכתחילה פאַר זיינע תלמידים. ווען די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטען האָבען דערקלעהרט די זעלבסט־שטענדיגע האַנדווערקער און די פּויערים פאַר קליין בורזשואַס בלויז אויף דעם סמך, וואָס אָט די זעלבסטשטענדיגע ארבייטער זענען ניט קיין פּראָלעטאַריער, ניט קיין לוין־ארבייטער, האָבען זיי זיך לחלוטין ניט גערעכענט מיט די וויכטיגסטע געדאַנקען פון זייער רבי׳ן.

קען ספק ניט, וועגען זיין ריכטיגען מיין. ער זאגט:

„מען ווייס: פּראָדוקציאָנס־און לעבענס־מיטלען, ווי איי־נענטום פון דעם אונמיטעלבארען פּראָדוצענט, פ ו ן ד ע ם אַ ר־ב י י ט ע ר ג ו פ א, זענען ניט קיין קאפּיטאל. זי ווערען קאַ־פּיטאל נאָר אונטער יענע בעדינגונגען, וואָס מאכען, אז זיי זאַ־לען דיענען ווי מיטלען, צו עקספּלאָאַטירען און צו בעהערשען דעם ארבייטער"*).

און אפילו ווען דער ארבייטער זאל אנזאמלען אוצרות פון זיין אייגענער ארבייט מיט זיינע אייגענע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, ווערט ער, לויט קארל מארקס, נאָך אלײן ניט קיין קאַפּיטאַליסט. „אַזוי לאנג", זאָגט ער, „ווי דער ארבייטער קאן פאר זיך אליין אַנזאמלען, — און דאָס קאן ער אזוי לאנג, ווי ער בלייבט אן אייגענטימער פון זיינע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, — איז קאפּיטאליסטישע אנזאמ־לונג און דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנס־אופן אונמעגליך" (ד. ג.)

מארקס עדות וועגען א געוויסען פונקט פון דער נאַציאָנאל־עקאָנאָמישער וויסענשאפט איז אלע מאל אינטערעסאנט און בע־לעהרענד פאר זיך גופא. א צו טיעפער דענקער איז ער געוועזן, א צו גרויסער געלערנטער איז ער געווען און צו ערנסט איז ער געוועזן אריינגעטהאָן אין אלע פּראבלעמען פון זיין נאציאנאל־עקאָנאָמי־שען פאך, מען זאל זיך קאָנען פערגינען דעם לוקסוס—איגנאָרירען זיינע געדאנקען.

ק. מארקס האָט א רעכט צו פאָדערן פון יעדען זעלבסט־שטענדיגען פארשער ער זאל ניט געהן ווייטער, איידער ער גלייכט ניט אויס זיינע חשבנות מיט איהם**).

---

*) ק. מארקס „קאפּיטאל", ערשטער באַנד, ערשטע אויפלאגע פון 1867, ז. 747.

**) עס פערשטעהט זיך, אז איך האָב דאָ אין אויג זיינע נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישע און סאָציאַליסטישע טעאָריעס, אויף וועלכע ער האָט אַוועק געלעגט זיין גאַנצען לעבען. אין אַנדערע פראגען, אין וועלכע ער איז ניט געוועזן קיין ספּעציאליסט, ווי צ. ב. אין די נאַטור־וויסענשאַפטען, איז קיינער ניט מחויב זיך צו רעכענען מיט זיינע מיינונגען. דערווי־

בייט. און ארויס צו זויגען מ ע ה ר ־ ו ו ע ר ט ה. קוים ארבייט מיט זיי נאָר זייער אייגענטימער, קאָן ער בשום אופן ניט געהע־רען צו דעם קלאַס פון די קאַפּיטאַליסטען, כל זמן ער געברויכט זיין אייגענטום נאָר פאַר זיין אייגענער ארבייט.

קאַרל מאַרקס איז געוועזן, אויב איך מאַך ניט קיין טעות, טאַקי דער ערשטער, על כל פּנים, דער גרעסטער פון די סאָציאַליס־טישע טעאָרעטיקער, וואָס האָט קלאָר געמאַכט אָט דעם געדאַנק און וואָס האָט געלעגט אויף איהם אַזוי פיעל וואָג. ק אַ פּ י ט אַ ל, האָט ער ניט אויפגעהערט צו טענה'ן אין פערשיידענע שטעלען פון זיינע ווערק, ב ע ש ט ע ה ט נ י ט נ אָ ר א י ן ד ע ם פ אַ ק ט פ ו ן א י י ג ע נ ט ו ם א ו י ף ג ע צ י י ג א ו ן מ י ט ל ע ן פ ו ן פ ר אָ ד ו ק צ י אָ ן. כדי דאָס זאָל ווערן קאַפּיטאַל, מוז דאָס שאַפען מעהרווערטה, מוז דאָס אנגע־ווענדעט ווערן אויף בעשעפטיגען פ ר ע מ ד ע ארבייטער.

אין זיין טיעפער אונטערזוכונג וועגען „לוין־ארבייטער און קאַ־פּיטאַל“ זאָגט, צ. ב., קאַרל מאַרקס:

„אַ נעגער איז אַ נעגער. ער ווערט ערשט אַ ש ק ל אַ ו ו אין בעשטימטע פערהעלטניסע. אַ באַוועל־מאַשין, איז אַ מאַשין צו שפּינען באַוועל. נאָר אין בעשטימטע פערהעלטניסע ווערט זי ק אַ־פּ י ט אַ ל. רייסט מען זי ארויס פון יענע פערהעלטניסע, איז זי אַקוראַט אַזוי ווייניג קאַפּיטאַל, ווי ווייניג גאָלד איז אין זיך גופא געלד... קאַפּיטאַל איז אַ געזעלשאַפטליכער פערהעלטניס פון פּראָדוקציאָן“.

דער געדאַנקען איז קלאָר. דער אייגענטום אויף די פּראָדוקצי־אָנס־מיטלען קאָן ניט מאַכען פון דעם ארבייטער אויס ארבייטער. נאָר ווען ער דינגט פרעמדע ארבייטער, זיי זאָלען ארבייטען פאַר איהם, פאַלט ער ארויס פון די גרעניצען פון זיין קלאַס.

מען קאָן זאָגען, אַז אָט דער געדאַנק איז אַ ליעבלינגס־גע־דאַנק פון קאַרל מאַרקס און איז איינער פון די וויכטיגסטע שטיץ־פּונקטען אין זיין גאַנצען סיסטעם.

אויך אין זיין גרונד־ווערק „דאָס קאַפּיטאַל“ ציטירט מאַרקס די אויבען אָנגעפיהרטע שטעלע פון זיין פריהערדיגער ארבייט און דערקלעהרט זי אין דעם טעקסט אַזוי, אַז עס בלייבט קיין ברע־

לעבען פון זייער אייגענער ווערטה־שאַפענדער אַרבייט. בורזשואַ זענען די, וואָס לעבען פון דעם מ ע ה ר ־ ו ו ע ר ט ה, ד. ה. פון דעם חלק ניט בעצאָהלטער מענשליכער אַרבייט.

גוט, זאָגט מען אונז. דאָס שטימט מיט איין טייל פון דער סאָציאַליסטישער לעהרע. און מען מוז צוגעבען, אַז אויך וויפיעל די בעל־מלאכות און די פויערים אַרבייטען, געהערען זיי צו דעם אַרבייטער־קלאַס. אַבער עס זענען דאָך נאָך דאָ אַנדערע טיילען און פּרינציפּען אין דער סאָציאַליסטישער לעהרע. צו זיי געהערט אויך יענער פונדאַמענטאַלער פּרינציפּ, אַז די בורזשואַזיע איז די בעזיצערין פון דעם קאַפּיטאַל. וואָס איז אַבער קאַפּיטאַל? אין דעם סאָציאַליסטישען זין פון דעם וואָרט איז דאָך קאַפּיטאַל ניט קיין אַנדער זאַך, ווי די געצייג און די מיטלען פון דער פּראָדוקציאָן. ממילא קומט אויס, אַז, לויט דער סאָציאַליסטישער טעאָריע, געהערען די בעל־מאלכות און די פויערים, אפילו ווען זיי דינגען ניט קיין פרעמדע אַרבייט, ניט צו איין קלאַס, נאָר לפּחות צו צוויי קלאַסען: ווי מענשען, וואָס אַרבייטען, געהערען זיי צו דעם אַרבייטער־קלאַס, אַבער ווי אייגענטימער פון געצייג און פּראָדוקציאָנס־מיטלען געהערען זיי צו דעם קלאַס פון די אייגענטימער, צו דעם קלאַס פון די קאַפּיטאַליסטען. מיט אַנדערע ווערטער הייסט דאָס, אַז זיי זענען אַ מ י ט ע ל ־ קלאַס, וואָס שטעהט צווישען די צוויי קלאַסען און געהערט צו זיי ביידען. זייער צוגעהעריגקייט צו דער בורזשואַזיע שליעסט אַבער אין גאַנצען אויס, אַז די אַרבייטערשאַפט זאָל זיי קאָנען בעטראַכטען פאַר קינדער פון איהר קלאַס.

אָט די גאַנצע טענה, ענטפערן מיר, איז אויפגעבויט אויף אַ פּשוט'ען לאָגישען און נאָך אַ טיעפערען סאָציאָלאָגישען פעהלער. עס איז ריכטיג, אַז די קאַפּיטאַליסטען זענען די אייגענטימער פון די געצייג און די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, אַבער עס איז ניט ריכטיג, אַז אַלע אייגענטימער פון געצייג און פּראַדוקציאָנס־מיטלען זענען שוין דורך דעם אַליין קאַפּיטאַליסטען. „יעדער עפּעלבוים איז אַ בוים, אַבער ניט יעדער בוים איז אַן עפּעלבוים“. געצייג און פּראָדוקציאָנס־מיטלען ווערען נאָר יעמאָלט ק אַ פּ י ט אַ ל, ווען זיי ווערען אָנגעווענדעט, כדי צו עקספּלאָאַטירען פרעמדע אַר־

דערויף ענטפערן מיר: ס'איז אמת, אז אין דעם געוועהנליכען טאָג־טעגליכען שפּראַך־געברויך ווערט דער אויסדרוק ארבייט אָנגעווענדעט אויף אַלערליי ארטען פון מענשליכער און ניט מענשליכער טעטיגקייט. עס ארבייט אַן אָקס און עס ארבייט א מיהל. זאָגט מען אין דער געוועהנליכער שפּראַך, און איינער קאָן אויך ארבייטען שווער.. מיט די באַקען, בעת ער זיצט ביי א רייכען און פעטען מאָלצייט.

אָבער אין דער וויסענשאַפט פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע האָט דער בעגריף ארבייט בעקומען א גאַנץ קלאָרען און בעגרעניצטען זין. מען מיינט דאָ נאָר יענע מענשליכע ארבייט, וואָס פּראָדוצירט גשמיות'דיגע גיטער, וואָס בעשאַפט אין דעם פּראָצעס פון דער מאַטעריעלער פּראָדוקציע אַלץ, וואָס עס איז נויטיג, כדי צו בעפריעדיגען די בעדערפעניסען פון דער געזעלשאַפט.

אויב אזא בעגריף פון ארבייט איז ניט קלאָר, איז יעמאָלט די גאַנצע סאָציאַליסטישע טעאָריע אויפגעבויט אויף א וואָלקען. דערמאָהנט זיך, אז דער פונדאַמענט פון דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם בעשטעהט אין דעם געדאַנק, אז דער ווערטה פון אַלע סחורות שטאַמט פון דער מ ע נ ש ל י כ ע ר  א ר ב י י ט, אז די ארבייט איז די מאָס, מיט וועלכער עס ווערט געמאָסטען יענער ווערטה, אז די פּראָפיטען פון דעם קאַפּיטאַליסט און די רענטע פון דעם לענד־לאָרד זענען ניט קיין אנדער זאַך, ווי נאָר דער מעהר־ווערטה, ד. ה. א בעשטימטער חלק ניט בעצאָהלטע מענשליכע ארבייט.

וועגען וועלכער ארבייט ווערט דאָ גערעדט? וועגען דער ארבייט פון דעם אָפּיציער, פון דער מיהל, פון דעם קאַפּיטאַליסט? ס'איז דאָך קלאָר, אז דאָ האָט מען נאָר איין איינציגען טייטש אין זינען. מען מיינט דאָ אַלע מאָל נאָר די ארבייט, וועלכע דער מ ע נ ש ווענדט אָן, כדי ארויסצוברענגען מאַטעריעלע גיטער, גשמיות'דיגע זאַכען, וואָס זענען דורכגעגאַנגען דורך דעם מענשענס ה ע נ ד.

און אָט די מענשליכע ארבייט איז אויך דער יסוד פון דער קלאַסען־טיילונג אין דער געזעלשאַפט. ארבייטער זענען די, וואָס

מיט איינינע פון זיי וועלען מיר בעקאַנט ווערן אין די נעקסטע קאַפּיטלען.

בלייבט אונז איצטער נאָר די פראַגע: צו וועמען זאָל מען צו־רעכענען יענע אַרבייטענדע שיכטען, וואָס האָבען ניט פערלאָרען זייער אייגענטום אויף די מיטלען און די געצייג פון זייער פּראָ־דוקציע: צו דעם אַרבייטער־קלאַס אָדער צו דער קליין בורזשואַזיע.

מיט דער פערענטפערונג פון דער פראַגע וועט אונז קלאָר ווערן די קלאַסען־טעאָריע פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען.

די טעאָריע פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען געהט אַרויס פון דעם גרונד־געדאַנק, אַז די קלאַסען־איינטיילונג פון דער געזעלשאַפט דאַרף בעטראַכט ווערען נאָר פון איין־איינציגען שטאַנדפּונקט: דעם שטאַנדפּונקט פון א י י ג ע נ ע ר א ר־ב י י ט.

אַלע די, וואָס לעבען פון זייער אייגענער אַרבייט, — אַלע איינס, צי זיי ווענדען זי אָן אויף אייגענע מיטלען און געצייג פון דער פּראָדוקציע אָדער אויף פרעמדע, — געהערען צו דעם איין־איינציגען אַרבייטער־קלאַס און יעדערער פון זיי איז אַן אַרביי־טער.

אַלע די אַנדערע, וואָס לעבען פון פרעמדע אַרבייט, סיי די וואָס עקספּלאָאַטירען דירעקט געדונגענע אָדער פערשקלאַפטע אַרביי־טער, סיי די, וואָס לעבען אינדירעקט פון עקספּלאָאַטאַציע, גע־הערען אין דער איצטיגער געזעלשאַפט צו דער בורזשואַזיע.

אַרבייט, — אייגענע אָדער פרעמדע, — דאָס איז דער איינ־ציגער סימן, וואָס שיידט אָב דעם אַרבייטער פון דעם בורזשואַ, דעם גרויסען אָדער דעם קליינעם.

אַנטגעגען אָט דער טעאָריע טרעט מען אַרויס קודם כל מיט אַזאַ שאלה: „וואָס פערשטעהט איהר דען אונטער דעם וואָרט אַרבייט? איז דער פּרינציפּ פון אייגענער אַרבייט אַזאַ קלאָרע און איינפאַכע זאַך, וואָס מיט איהר הילף זאָל מען קאָנען דורכפיהרען אַ שטרענגע קלאַסען־שיידונג אין דער געזעלשאַפט? אַרבייט ניט אויך דער אָפיצער, בעת ער מוסטירט די סאָלדאַטען, דער באַנקיער אָדער דער פאַבריקאַנט, בעת זיי פיהרען זייערע געשעפטען, דער פריץ, בעת ער גיט אַכ־טונג אויף זיין גוט?“

און פאַר דעם סאָציאַליזם וועט דאָס אויך געוויס ניט זיין קיין חסרון. ווי וויכטיג דער פּראָלעטאַריער זאָל ניט זיין פאַר דעם סאָציאַליזם, — און מיר האַלטען איהם פאַר זעהר וויכטיג, ווייל ער קאָן אין דער אמת'ן ווערן דער א ו ו א נ ג א ר ד פון דער גאַנצער ארבייטער־אַרמעע, וואָס זאָל זי פיהרען נאָך זיך, — טאָהר מען דאָך אָבער ניט פערגעסען, אַז ניט דער הונגעריגער און פערעלענטער פּראָלעטאַריער וועט קאָנען מאַכען די סאָציאַלע רעוואָלוציע, נאָר דוקא דער ז א ט ע ר, וואָס וועט שטרעבען נאָך א העכערען מענשליכען לעבען פאַר זיך און וואָס וועט זיין פעראינטערעסירט, דורכצופיהרען די פאָדערונגען פון יושר אין דער געזעלשאַפט.

אָבער די פערבעסערונג, לפּחות, ניט פערערגערונג פון דעם עקאָנאָמישען מעמד ביי די זעלבסטשטענדיגע ארבייטער הייסט די פערבעסערונג פון דעם עקאָנאָמישען מעמד ביי דעם פּראָלעטאַריאַט.

ווייטער איז גאָר ניט ריכטיג, אַז נאָר דער שטאַטישער לוין־ארבייטער קאָן צושטעהען צו דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל.

דער סאָציאַליזם שליעסט אין זיך איין דעם פּרינציפּ, אַז די פּראָדוקטען פון דער ארבייט זאָלען געהערען נאָר צו די ארבייטער, — דאָס איז א פּרינציפּ, וואָס געהט אפשר להיפך צו דעם „יושר“ פון דער בורזשואַזי וואָס איז אָבער דורך און דורך איינגעווארצעלט אין דער פּסיכאָלאָגיע פון י ע ד ע ן ארבייטער, אַלץ איינס צי א פּראָלעטאַריער, צי א זעלבסט־שטענדיגען. ממילא קאָן י ע ד ע ר ארבייטענדער מענש געוואונען ווערן פאַר דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל.

און וואָס איז שייך די טעאָריע, אַז דער פּראָלעטאַריאַט ווערט סאָציאַליזירט אין דעם פּראָצעס פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע און נאָר א דאַנק דעם קאָן ער ווערן דער טרעגער פון דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל, מוז מען דערויף ענטפערן, אַז די טעאָריע איז געבויט אויף דעם גרונד־געדאַנק, אַז נאָר די סטיכישע עקאָנאָמישע פּראָצעסען און לעבענס־בעדינגונגען בעשטימען א ו נ ט ע ר א ל ע א ו מ ש ט ע נ ד ע ן די אידעאַלען פון די מאַסען. די טעאָריע איז אָבער נאָך ניט בעוויזען געוואָרען און עס איז דאָ א סך טעמים, פאַר וואָס מיר זאָלען זיך אָבזאָגען פון איהר.

אָננעהמען די פאָדערונג פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, וואָלט, לויט דער טעאָריע פון די רוסישע מארקסיסטען, אין דער אמת׳ען געהייסען: פערטיידיגען ניט די אינטערעסען פון די ארבייטער, נאָר פון די קליינע בורזשויעס; זיין ניט רעוואָליוציאָנער, נאָר פונקט דער היפך דערפון: רעאקציאָנער. און קיין סאָציאַליסטען קאן מען דערביי אודאי ניט זיין, כאָטש מען קאן גלויבען ווי אלע אוטאָפּיסטען, אין דער „גערעכטיגקייט“ און דער „ווינשבארקייט“ פון דעם סאָציאַליסטישען „אידעאל“. ווייל — וועלכער סאָציאַליסט וועט דאָס אריינגעהמען אין זיין פּראָגראם אזעלכע ארבייטען און פאָרדערונגען, וואָס זאָלען מאכען אויף אייביג אונמעגליך די פערווירקליכונג פון דעם סאָציאַליזם?

לאָמיר זיך פאנאנדער קלייבען אין די אלע טענות.

אויף דער צווייטער און דריטער טענה קאָנען מיר זיך ניט אבשטעלען לאנג, ווייל מען וואָלט זיך בעדארפט אבשטעלען צו לאנג.

בקיצור קאָנען מיר נאָר זאָגען, אז פערטיידיגען די אינטערעסען פון די זעלבסטשטענדיגע ארבייטער הייסט נאָך ניט זעהען אז זיי זאָלען ביז צו דער סאָציאַלער רעוואָליוציע בלייבען אין די אלטע פּראָדוקציאָנס־בעדינגונגען. דער פּרינציפּ פון ק אָ אָ פּ ע ר א ט י ו ע ג ע ו ו ע ר ק ש א פ ט ע ן פאר די בעל מלאכות; די ענטוויקלונג פון אלערליי פארמען אגראר־גענאָסענשאפטען ביי די פּויערים;ביידע זאכען געשטיצט דורך שטאַטישע ק אָ נ ס ו ם ־ גענאָסענשאפטען קאָנען זיכערליך פערבעסערן דעם מעמד פון יענע ארבייטענדע שיכטען און אין דערזעלביגער צייט דיענען דעם עקאָנאָמישען פּראָגרעס.

דאָרטען אבער, וואו עס איז אונמעגליך אריינצופיהרען פּראָגרעסיווערע עקאָנאָמישע לעבענס־פארמען, וואָס זאָלען זיין ווי אן איבערגאנג צו דעם סאָציאַליזם, — דאָרטען איז פאר ביידע צדדים, סיי פאר די פּראָלעטאריער, סיי פאר זיי גלייכער, אז, די זעלבסטשטענדיגע ארבייטער. זאָלען ניט פערליערען יענעם עקאָנאָמישען מעמד, וואָס זיי האָבען. ווייל וואָס ווענינגער ניי־צוגעקומענע פּראָלעטאריער, אליז בעסער פאר די אלטע, אליז ווענינגער נייע קאָנקורענטען אין דעם עקאָנאָמישען קלאסען־קאמף.

מוזען פערשווינדען. אין דעם קאָנקורענץ־קאַמף מיט די גרויסע קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעהמונגען פערליערען זיי די מעגליכקייט צו האַלטען זיך, ווי זעלבסט־שטענדיגע באַלאַבאַטים, אויפ'ן וואַסער. זיי פערליערען זייער אייגענטום־רעכט אויף די מיטלען און די געצייג פון דער פּראָדוקציע און פאַלען אריין אין די רייהען פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

אויפהאַלטען זייער זעלבסטשטענדיגע עקזיסטענץ וואָלט געהייסען דעריבער וועלען דרעהען די ראָד פון דער געשיכטע אויף צוריק. און דאָס וואָלט געווען א לעכערליכע און שעדליכע אונטערנעהמונג. לעכערליך, ווייל זי איז לכתחילה פעראורטהיילט אויף א דורכפאַל און שעדליך אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל זי האַלט אויף אין יענע מאַסען די איליוזיע, אַז זייער עקאָנאָמישער מעמד קאָן געבעסערט ווערן אין די גרעניצען פון דער איצטיגער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, אַז זיי קאָנען זיך נאָך ווי עס איז דערהאַלטען, ווי זעלבסט־שטענדיגע באַלאַבאַטים.

און דריטענס, וואָלט נאָך שעדליכער געווען פאַר'ן סאָציאַליזם ווען עס וואָלט זיך באמת איינגעגעבען דורך געוויסע סאָציאַלע רעפאָרמען אויפצוהאַלטען אויף א ווײַלע זייער פערשווינדען אין דעם פּראָלעטאַריאַט. דאָס וואָלט אָהן א שום ספק פערמינדערט די שאַנסען פון א סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע.

א סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע קאָן נאָר יעמאָלט זיין זיכער מיט'ן ערפאָלג, ווען איהרע ציעלען וועלען ווערן די ציעלען פון אַן אומגעהויערער מאַיאָריטעט פון דער בעפעלקערונג, ד. ה. ווען די אומגעהויערע מאַיאָריטעט פון דער בעפעלקערונג וועט ווערן די טרעגערין פון דעם סאָציאַליסטישען ענד־ציעל.

עס איז אָבער דאָ נאָר א י י ן קלאַס פון דער בעפעלקערונג, וואָס קאָן און מוז לויט זיין טבע ווערן דער טרעגער פון דעם סאָציאַליסטישען ענד־ציעל. דאָס איז דער פּראָלעטאַריאַט, דער קלאַס פון לוין־ארבייטער. היטען מיר אָב די איבריגע קלאַסען, זיי זאָלען ניט אריינפאַלען אין דעם פּראָלעטאַריאַט, פערקלענערן מיר יעמאָלט זיין צאָהל, שוואַכען אָב זיינע כוחות און רויבען ביי איהם אוועק די מעגליכקייט, צו ווערן די מאַיאָריטעט פון דעם פאָלק און דורכצופיהרען די סאָציאַלע רעוואָלוציע.

# צווייטער קאַפּיטעל

## אַרבייטער און פּראָלעטאַריער.

מיר האָבען אויבען געזעהען, אז די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען רעכענען צו צו דעם אַרבייטער־קלאַס אויף די זעלבסט־שטענדיגע, אַליין אַרבייטענדע פּויערים און בעל־מלאכה׳ס און פאָרדערן, אז זייערע אינטערעסען זאָלען אויפגענומען ווערן אין דעם פּראָגראַם פון דעם אַרבייטער־סאָציאַליזם און אז אויף זיי און די פּראָלעטאַריער זאָל זיך די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי שטיצען אין איהר קאַמף: קורץ, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי זאָל אויפהערען צו זיין בלויז אַ פּאַרטיי פון דעם פּראָלעטאַריאַט, נאָר ווערן די פּאַרטיי פון אַלע אַרבייטענדע שיכטען אין שטאָט און לאַנד.

אנטקעגען אָט דער פאָרדערונג ווערן אַרויסגעשטעלט דריי פּרינציפּיעלע טעמים.

קודם ווערט געלייקענט, אז אָט די צוויי שיכטען פון דער אַרבייטענדער בעפעלקערונג זענען ריינע אַרבייטער: דער זעלבסט־שטענדיגער בעל־מלאכה איז אַן אייגענטימער, — אַ באַלאַבאָס אויף זיינע פּראָדוקציאָנס־מיטלען און געצייג, און דער פּויער איז נאָך אַ חוץ דעם אַ רענטיע, ווייל צו דעם סכום פון זיינע הכנסות מוז צוגערעכענט ווערן יענער טייל, וועלכען ער בעקומט בלויז דערפאַר, וואָס די בעאַרבייטעטע ערד בעלאַנגט צו איהם.

די אינטערעסען זייערע קאָנען ניט זיין קיין ריינע אַרבייטס־אינטערעסען, און לויט זייער עקאָנאָמישען כאַראַקטער זענען זיי קליין־בירגער, קליין־בורזשואַס.

אַ צווייטער טעם, פאַר וואָס זייערע אינטערעסען טאָהרען ניט אַרויפגענומען ווערן אויף דעם פּראָגראַם פון אַ סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און פאַר וואָס די סאָציאַליסטטישע פּאַרטיי טאָהר זיך ניט שטיצען אויף זיי, איז—ווייל פערטיידיגען זייערע אינטערעסען וואָלט געווען רעאַקציאָנער. די געשיכטליכע ענטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט ברענגט מיט זיך, אז אָט די אַלע מיטעל־קלאַסען

וואס פון איהר האָט זיך אנגעצונדען דער גאנצער שטרייט, וועלען מיר אין גאנצען ארויסלאָזען פון שפּיעל.

ניט בעריהרען וועלען מיר דאָ אויך דעם פּראָבלעם פון דעם סאָציאליסטישען נאציאָנאליזם (אָדער ווי מיר רופען איהם דעם ריכטיגען אינטער־נאציאָנאליזם) וואס האָט אין דער בעלייכטונג פון דער סאָציאל־רעוואָלוציאָנערער טעאָריע א גאנץ אנדער ווערטה און בעדייטונג, איידער אין דעם געדאנקען סיסטעם פון דעם מארקסיזם.

קודם כל וועלען מיר זיך אָבשטעלען אויף דער פראגע וועגען „אַרבייטער און פּראָלעטאַריער", כדי ארויסצוגעפינען, צי די ס. ר.'ען זענען געווען גערעכט, וואס זיי האָבען די פּויערים און די זעלבסטשטענדיגע, אליין ארבייטענדע בעל־מלאכות צוגערעכענט צו דעם ארבייטער־קלאס. דערנאָך וועלען מיר אויפנעהמען די פראַגע וועגען „דער געשיכטליכער ראָליע פון דער אינטעליגענץ", און אונז וועט הויפּטזעכליך ווערן קלאָר, פאר וואס די ס. ר.'ען לייקענען די אויסשליעסליכע בעדייטונג פון דעם סטיכישען עקאָנאָמישען פּראָצעס. אין צוזאמענהאנג מיט אָט דער פראגע וועלען מיר צום סוף בעהאנדלען „דעם עטישען פאקטאָר אין דער געשיכטע און דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאליזם".

דעם רעזולטאַט פון דער גאנצער אַרבייט האָבען מיר שוין אויסגעזאָגט דעם לעזער אויף א פריהער. ער איז אָנגעגעבען איז די ווערטער פון דעם ווערסט־איירָאָפּעאישען סאָציאליסט־רעוואָלוציאָנער, זשאן־ שאָרעס, וועלכע מיר האָבען גענומען פאר א מאָטטאָ: „עס איז א חוב פון יושר פאר יעדען מענשען צו זיין א סאָציאליסט".

האָבען די פּראָבלעמען געמוזט ווערן אויסגעפּאַרשט און פערענטפערט. און עס איז אויך קיין חדוש ניט, וואָס מען האָט זיך דערביי אַזוי שטאַרק געהיצט, אַזוי נערוועז און פערביטערט געקעמפּט איינער אַנטקעגען דעם אַנדערן. סיי פאַר דעם סאָציאַל־דעמאָקראַט, וואָס האָט טעאָרעטיש געלייקענט די בעדייטונג פון מענשליכע אידעאַלען, סיי פאַר דעם סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער, וואָס איז אַרויסגעטראָטען, ווי זייער סניגור, האָט זיך אין דעם טעאָרעטישען קאַמף געהאַנדעלט וועגען דער טייערסטער זאַך פאַר דעם מענשען: דעם שיקזאַל פון זיינע א י ד ע אַ ל ע ן.

---

פון דעם קליינעם צעטעל „סכסוכים“, וואָס מיר האָבען געבראַכט, וועט דער לעזער אויך לייכט פערשטעהן, אַז מיר קאָנען זיך דאָ ניט אוועקשטעלען די אויפגאַבע צו בעטראַכטען יעדען איינצעלנעם פּונקט באריכות, כדי אויסצוגעפינען, ווער פון די קעמפּענדיגע צדדים און אויף וויפיעל ער איז גערעכט. דערצו דאַרף מען האָבען גאַנצענע בענד פון פאָרשונגען. איך קאָן נאָר דאָ פערזיכערען אויף מיין „הן שלי“, אַז דער רעזולטאַט פון יענע בענד פאָרשונגען (מערקט אייך: ווען א י ך וואָלט זיי געשריבען...) וואָלט געוויס געווען נאָר איינער: אַז גערעכט זענען די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען און דווקא אין דער פולסטער מאָס.

אין דער איצטיגער קליינער אַרבייט קאָן איך נאָר אַרויסנעהמען ניט מעהר ווי אַ פּאָר פּונקטען, וועלכע איך בעטראַכט פאַר די וויכטיגסטע, און זיי פּרובען מעהר אָדער ווייניגער פּאָפּולער בעלייכטען, כדי דער לעזער זאָל האָבען אַ בעגריף פון די וועגען, אין וועלכע עס איז געגאַנגען דער געדאַנק פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען אין זייער פּאָלעמיק אַנטקעגען דעם רוסישען מאַרקסיזם און אויף אַזאַ'ן אופן איבערהויפּט בעקומען אַ בעגריף וועגען יענער ריכטונג אין דעם סאָציאַליסטישען געדאַנק.

מיר וועלען דערביי אויסקלייבען אַזעלכע פּרינציפּיעלע פּונקטען, וואָס האָבען אַ בעדייטונג און ווערטה ניט נאָר פאַר רוסלאַנד, נאָר פאַר דער גאַנצער סאָציאַליסטישער וועלט. די פראַגע פון דעם ט ע ר ר אָ ר י ז ם, צום ביישפּיעל, וועלכע האָט אַזוי פּאָפּולער געמאַכט אונזער פּאַרטיי, און די פראַגע וועגען דער „אבשצינא“,

די מעגליכקייט פון א פרייען אומגעשטערטען הארמאָנישען פאַנאַנדערבליהען פון זיינע מענשליכע פעהיגקייטען און די מעגליכקייט פאר יעדען איינעם צו לעבען, לויט זיינע איבערצייגונגען, ווייל נאָר יעמאלט קאָן זיין נשמה זיין גאַנץ און אין האַרמאָניע מיט זיך אליין, און נאָר יעמאלט קאָן ביי איהם ניט פערלאָרען געהן דאָס וויכטיגסטע פאַר דעם מענשען, דער געפיהל פון דער אייגענער מענשליכער חשיבות.

דער קאַמף פאַר די מענשליכע אינטערעסען פון דעם גאַנצען אַרבייטענדען פאָלק, — אָט דאָס איז דער גרונד־פּרינציפּ פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, וואָס בעשטימט זייער טאַקטיק אין דעם היינט און זייער ארבייט פאַר דער צוקונפט.

דער סאָציאַליזם איז זייער אידעאל ניט דערפאַר, ווייל דער שטראָם פון דעם סטיכישען עקאָנאָמישען לעבען טראָגט צו איהם מיט א ניט אויפצוהאלטענדער קראַפט: ווער קאָן וויסען, וואוהין דער שטראָם וועט זיך דערטראָגען?

און אויך ניט דערפאַר זענען די ס. ר.'ען סאָציאַליסטען, וואָס זיי געפעלט בעסער דער אויסזעהן פון א סאָציאַליסטישער פּלאַנמעסיגער געזעלשאַפט, איידער די איצטיגע אומגעלומפּערטע, „אין בלוט און שמוץ“ געבאַרענע קאַפּיטאַליסטישע וועלט־אָרדנונג. נאָר דערפאַר איז דער סאָציאַליזם געוואָרען זייער אידעאל, ווייל, לויט דעם איצטיגען צושטאַנד פון דעם מענשליכען געדאַנק, קאָן נאָר דער סאָציאַליזם באמת בעפריעדיגען די וויכטיגסטע לעבענס־נויטען פון דעם פאָלק, די מענשליכע אינטערעסען פון דער ארבייטענדער מאַסע.

שוין פון אָט די פאָר פּונקטען, וואָס מיר האָבען דאָ ארויסגענומען, כדי צו פערגלייכען די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען מיט די מאַרקסיסטישע סאָציאַל־דעמאָקראַטען, קאָן מען זעהען, ווי ווייט פערצווייגט עס זענען די סכסוכים צווישען די צוויי סיסטעמען פון דעם סאָציאַליסטישען געדאַנק.

עס קאָן דעריבער ניט וואונדערן, וואָס מען פלעגט פון די טאָג־טעגליכע טאַקטישע פּראָבלעמען מוזען אריבערשפּרינגען צו די טעאָרעטישע ליכט־קוואַלען, וואָס אין זייער בעלייכטונג

צעהרונג. אדרבה, וואָס גרעסער עס וועט זיין דער חלק רייכ־טום, וועלכען מען וועט צוריקגעבען דעם ארבייטער־קלאַס, וואָס מעהר ער וועט זיך קאָנען בעטייליגען אין דעם קולטורעלען לעבען פון זיין פאָלק און פון זיין צייט, אלץ מעהר וועט ביי איהם אָנוואקסען דער דאָרשט נאָך א רייכערען און א מענשליך פערניגפטיגערען לעבען; אלץ מעהר וועלען די פאָרדערונגען פון דעם געזעלשאפטליכען יושר ווערן די פאָרדערונגען פון דער ארבייטערשאפט און מיט אן אלץ גרעסערער ענערגיע וועט זי זיך מוזען נעהמען פאר דעם ראדיקאלען איבערבוי פון דער איצטיגער געזעלשאפט.

די מארקסיטישע אָרטאָדאָקסען זענען גערעכט, ווען זיי ווילען ניט אבלאָזען פון דעם סאָציאליסטישען ענד־ציעל און דער אידעע פון א סאָציאלער רעוואָלוציע. די רעוויזיאָניסטען זענען גערעכט, ווען זיי לייגען אזוי פיעל געוויכט אויף דער „געגענווארטס־ארבייט“ און אויף די רעפארמען אין דער איצטיגער געזעלשאפט. ביידע אמת'ען קאָנען ניט לעבען אין שלום אויף דעם באָדען פון דעם דיאלעקטישען מאטעריאליזם אין דער פילאָסאָפיע און דער געשיכטס־פילאָסאָפיע. אבער ביידע אמת'ען גיעסען זיך נאַטירליך צונויף אין א סיסטעם פון סינטעטישען מאָניזם, וואו גשמיות און רוחניות שליעסען ניט אויס איינע די אנדערע, א סיסטעם וועמעס העכסטער פונקט עס איז דער סאָציאל־רעוואָלוציאָנערער אידעאליזם.

פון דער שטאנד־פונקט פון די סאָציאליסטען־רעוואָלוציאָנערען גיט אויך אן אנוויז, ווי אזוי מען דארף פיהרען די פראָפאגאנדא־ארבייט פאר דעם סאָציאליסטישען אידעאל. בשום אופן טאָהר מען ניט דערלאָזען, ווי דאָס האָבען א מאָל געטהאָן עקסטרעמע מארקסיסטען, אז דער סאָציאליזם זאָל פערוואנדעלט ווערן אין א רייגער „מעסער־און־גאָפעל־פראגע“. אין א ריין עקאָנאָמישער דאָקטרין. ניט וועניגער וויכטיג, איידער די עקאָנאָמישע אינטערעסען, דארפען זיין פאר דער ארבייטערשאפט די אינטערעסען פון דער מענשליכער ענטוויקעלונג, די בעשאפונג פאר יעדעם איינצעלנעם

ליכען פּראָגרעס אין אַלע צווייגען פון לעבען. דער בעסטער וועג דערצו זענען די סאָציאַלע און די פּאָליטישע רעפאָרמען. און וועגען דעם סאָציאַליסטישען ענד־ציעל זאָל זיך גאָט זאָרגען, אויב ער איז דאָ און אויב ער וויל.

די סאָציאַליסטען־רעוואָליוציאָנערען שטעהען דרויסען פון די ביידע מאַרקסיסטישע ריכטונגען, וואָס בויען זייערע חשבונות אויף דעם סטיכישען ענטוויקלונגס־גאַנג פון דעם עקאָנאָמישען פּראָצעס. אין דער באַטאַליע פון סטאַטיסטישע ציפערן, מיט וועלכע די צוויי ריכטונגען האָבען געקעמפט, האָבען זיך די ס. ר.'ען דאָס רוב ניט אריינגעמישט. זיי זענען לכתחילה מסכים מיט די בערנשטיינער, אַז דער סטיכישער פּראָצעס מוז ניט פיהרען צום סאָציאַליזם. זיי זאָגען אָבער, אַז דאָס איז ניט קיין גרונד, פאַר וואָס מען זאָל זיך אָבזאָגען פון די האָפענונגען אויף אַ סאָציאַלע רעוואָליוציע און אויף דעם סאָציאַליסטישען ענד־ציעל. דער סטיכישער פּראָצעס איז ניט דער גאַנצער היסטאָרישער פּראָצעס, דאָס איז נאָר איין זייט פון איהם. אין דער ווירקליכקייט איז ער סינטעטיש צונויפגעוואַקסען מיט די בעוואוסטזיניגע פּראָצעסען פון דער געשיכטע וואָס פליעסען ארוים פון געזעלשאַפטליכע אידעאַלען. יענע אידעאַלען ווערן בעשאַפען פון איינצעל־מענשען, פון יענע מענשליכע פּראַכט־עקזעמפּליאַרען, וואָס ווערען אַזוי הויך געשעצט פון דער מענשהייט, ווייל זי בעוואונדערט אין זיי דעם שענסטען אויסדרוק פון איהר אייגענער נאַטור. אָט די מענשליכע אידעאַלען קאָנען אריינדרינגען אין אַלע שיכטען פון דער ארבייטענדער מענשהייט און צו אַ געוויסער צייט אויך אין אַ גרויסען טייל פון די געבילדעטע קרייזען. די פערווירקליכונג פון דעם סאָציאַליזם, — אויב ער וועט מקוים ווערן, — וועט זיין אַ רעזולטאַט ניט נאָר פון דעם סטיכישען עקאָנאָמישען און קולטורעלען פּראָצעס, נאָר אויך פון דעם „רעוואָליוציאָנערען אידעאַליזם", וועלכען אויך אַ קאַרל קויטסקי האָט געפונען איצטער פאַר נויטיג צו פערדיגען.

און דערצו — זאָגען די ס. ר.'ען — איז גאָר ניט נויטיג, אַז די לאַגע פון די מאַסען זאָל ווערן אַלץ ערגער און ערגער, אַז דער פּראָלעטאַריאַט זאָל פערווילדערט ווערן אין עלענד, נויטה און אויס־

האָבען דורך דער סאָציאַליזירונג פון דעם גרונד־און־באָדען צו פערהיטען דאָס פויערטום פון ווערן פּראָלעטאַריזירט.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פראַגע וועגען די קרעפטען, וואָס בעשאַפען און פערווירקליכען דעם סאָציאַליזם, קאָן אויך קורץ בע־ריהרט ווערען די שטעלונג פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען צו די אַזוי אָנגערופענע אָרטאָדאָקסען און רעוויזיאָניסטען אין דעם מאַרקסיסטישען לאַגער.

די אָרטאָדאָקסע מאַרקסיסטען האָבען גע־לערנט, אַז אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט ווערט די לאַגע פון דעם פּראָלעטאַריאַט אַלץ ערגער און ערגער. דערפאַר אָבער וואַקסט ער אַלץ און מעהר אָן אין זיין צאָהל, ביז ער מוז ווערען די אומגעהויערע מאַיאָריטעט פון דער בעפעלקערונג. אין דערזעלבי־גער צייט פערשווינדען די קלענערע און מיטלערע אונטערנעהמונגען און די געזעלשאַפטליכע פּראָדוקציע נעהמט אָן אַ געזעלשאַפטליכען כאַראַקטער אין אַן אַלץ קלאָרערער און אַבסאָלוטערער פאָרם. אונ־טער אַזוינע אומשטענדען, האָבען זיי גערעכענט, איז אַ סאָציאַליס־טישער איבערקעהר היסטאָריש אומפערמיידליך. דער פּראָלעטאַ־ריאַט וועט מאַכען אַ דיאַלעקטישען שפּרונג „מעבדות לחירות, מאפילה לאור גדול“, „פון קנעכטשאַפט צו פרייהייט, פון פינסטער־ניס צו גרויסער ליכטיגקייט“.

די בערנשטייניאַנער האָבען אויף דעם סמך פון סטאַטיסטישע אונטערזוכונגען אויסגעפונען, אַז דער נאַטיר־ליכער ענטוויקלונגס־גאַנג געהט ניט אין די וועגען, וועלכע מאַרקס האָט פאַר איהם אויסגערעכענט. די לאַגע פון די פּראָלעטאַריער פערבעסערט זיך, זייער צאָהל וואַקסט אָן, אָבער די מיטלערע און קליינע אונטערנעהמונגען פערשווינדען ניט און עס זיינען גאָר דאָ קרעפטען אין דער קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג גופא, וואָס לאָזען זיי ניט פערשווינדען (דער הויפּט אין דער אַגראַר־ווירט־שאַפט). דעריבער איז דער סאָציאַליסטישער ענד־ציעל ניט אומ־פערמיידליך. מען ווייס ניט, וואוהין די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג וועט פיהרען. דעריבער דאַרף דער סאָציאַליזם ווערען ניט מעהר ווי אַ בעוועגונג, וואָס האָט צום ציעל די פערווירקליכונג פון דעם מענש־

מיט אָט דער טעאָריע זאָגען די רוסישע מארקסיסטען נביאות, אז דער קאפיטאַליזם וועט בעהערשען די רוסישע אגראר ווירטשאפט. זיי פעו־בינדען דעריבער זייערע סאָציאַליסטישע האָפענונגען מיט דער פּראָלעטאריזירונג פון דעם רוסישען פּויערטום.

די סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען בעהויפּטען, אז דער סאָציאַליסטישער אידעאַל איז געבוירען געווארען ביי דער אינטעליגענץ און ניט ביי דעם פּראָלעטאריאט, און אין זיין בעשאפען האָבען זיך בעטייליגט דער ארבייטער פּרודאָן אַזוי גוט ווי דער פאבריקאנט ענגעלס, דער געלערנטער מארקס אַזוי גוט ווי דער מארקיז סען־סימאָן. צושטעהן צו דעם אידעאַל, זאָגען די ס. ר., קאָנען אַלע ארבייטענדע שיכטען פון דעם פאָלק: בעסער און לייכטער פאר אלע — דער שטאָטישער פּראָלעטאריאט. אָבער דאָס העננט ניט נאָר צונויף מיט דעם כאראקטער פון לוין־ארבייט און פאבריק־אינדוסטריע, נאָר אויך נאָך מעהר מיט דעם פאקט פון א קולטורעלערען לעבען אין שטאָט. די דאָרפּישע לוין־ארבייטער (די באטראקעס) זענען ביז אהער אומעטום געווען דער ערגסטער מאַטעריאַל פאר דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאגאנדע, כאָטש זיי זענען כשר'ע אמת'ע פּראָלעטאריער. צווישען די צוויי עקסטע פּאָליוסען, דעם שטאָטישען פאבריק־ארבייטער און דעם דאָרפישען אגראר־פּראָלעטאריאט, — ליעגען אלע אנדערע שיכטען פון ארבייטער, וואָס קאָנען און מוזען דורך דער טהעטיגקייט פון דער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ צוגעצויגען ווערן צו דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל, ווייל אָהן זיי וועט ניט קאָנען פּאָרקומען די סאָציאַלע רעוואָלוציע*). אויך האַלטען די ס. ר.'ען פאר ווינשענסווערט און אויך נויטיג ניט בעוויזען, אז דער קאפּיטאַליזם איז היסטאָריש אַן אומפּערמיידליך־נויטווענדיגע פארשטופע און זיי לייקענען, אז ער איז סאָציאַליסטיש אַן אבסאָלוט נויטיגער פאָרבעדינגג פאר דעם סאָציאַליזם. דעריבער קעמפּען זיי אנטקעגען דעם אריינדרינגען פון דעם קאפּיטאַליזם אין דאָרף און

*) אין די לעצטע יאָהרען פאר דעם איצטיגען קריעג האָט דער סאָציאַליזם געמאַכט ריעזיגע ערפאָלגען צווישען די פראנצויזישע פּויערים.

בנוגע צו רוסלאַנד גלויבען זיי, אַז מיט דער הילף פֿון אַ סאָ־
ציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערער ארבייטער־פּאַרטיי, קאָן דער קאַ־
פּיטאַליזם אין גאַנצען פֿעריאָגט ווערן פֿון דער אגראַר־ווירטשאַפֿט,
און געצוואונגען ווערן, זיך צו ענטוויקלען אין דער אינדוסטריע
אויף אַזאַ אופֿן, אַז זיינע טעכנישע און אָרגאַניזאַטאָרישע מעלות
זאָלען אריבערוועגען זיינע סאָציאַל־עקאָנאָמישע חסרונות, ביז אַז
אַלגעמיינע סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע וועט אבשאַפֿען דעם קאַ־
פּיטאַליזם אומעטום.

אין דער פֿראַגע וועגען דער קלאַסען־טיילונג
פֿון דער געזעלשאַפֿט און דעם קלאַסען־קאַמף, וואָס
ווערט אין איהר געפֿיהרט, בויען די מאַרקסיסטען אַלע זייערע טעאָ־
רעטישע און פּראַקטישע חשבונות אויף דעם געגענזאַץ פֿון לוין
ארבייט און אַלע אַנדערע שיכטען, וואָס מאַכען אַ לעבען ניט
פֿון לוין־ארבייט.

די ס. ר.'ען שטעלען אַוועק, אנשטאַט לוין־אַרבייט,
מענשליכע ארבייט און טיילען איין די געזעלשאַפֿט אין
צוויי גרויסע קלאַסען: דעם קלאַס, וואָס לעבט פֿון זיין איי־
גענער אַרבייט, און דעם קלאַס, וואָס לעבט פֿון פֿרעמדע
ארבייט.

בנוגע די קרעפֿטען, וואָס דאַרפֿען ארויסברענגען דעם סאָציאַ־
ליסטישען ענד־ציעל און אריינפֿיהרען אין לעבען די סאָציאַליס־
טישע געזעלשאַפֿטס־אָרדנונג, זענען די רוסישע מאַרקסיסטען אי־
בערגעצייגט, אַז דאָס אַליין ווערט בעזאָרגט פֿון דעם סטיכישען מאַ־
סען־פּראָצעס, וואָס שפּיעלט זיך אָב אין דעם לעבען פֿון דעם פּראָ־
לעטאַריאַט. דער פּראָלעטאַריאַט און נאָר דער פּראָלעטאַריאַט
ברענגט ארויס דעם סאָציאַליסטישען ענד־ציעל און קאָן זיין דער
טרעגער פֿון דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל. און אַזוי ווי דער פּראָ־
לעטאַריאַט ווערט געבאָרען און סאָציאַליזירט אין דעם פּראָצעס
פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפֿט, איז שוין דורך דעם אַליין
דער קאַפּיטאַליזם ניט נאָר אַ נויטווענדיגע פֿאָרשטופֿע פֿון דעם
סאָציאַליזם, אַ פֿאָרשטופֿע, וואָס קאָן היסטאָריש ניט פֿערמידען
ווערן, נאָר אויך אַ נויטיגע פֿאָרשטופֿע, אָהן וועלכער דער
סאָציאַליזם קאָן זיך סאָציאָלאָגיש ניט בעגעהן. אין צונויפֿקלאַנג

די מיטלען און די גײַסטיגע פון דער פּראָדוקציאָן געהערען צו אַלע־מען. 2. א נ ט י ־ ט ה ע ז ע. דער פּרימיטיװער קאָמוניזם פאַלט פאַנאַנדער. די געזעלשאַפט געהט דורך פערשיידענע פאָר־מען, אין װעלכע דער פּרינציפּ פון פּריװאַט־אײגענטום װערט אַלץ מעהר און מעהר פערשטאַרקט, די אַרבײטסבעדינגונגען געהען אַרי־בער פון די הענד פון די אַרבײטער אין די הענד פון די בעזיצענדע קלאַסען, און די פּראָדוקציע נעהמט אָן די פאָרם פון דעם ק א פּ י־ ט א ל י ז ם. אין דעם פּראָצעס פון דער װײטערדיגער קאַפּיטאַ־ליסטישער ענטװיקלונג קאָנצענטרירען זיך אַלע קאַפּיטאַלען אין די הענד פון א לפּי־ערך קלײנער צאָהל אונטערנעהמער; די אומ־געהויערע מאַיאָריטעט פון דעם פאָלק װערט פּראָלעטאַריזירט, פערװאַנדעלט אין פרײַע לױן־אַרבײטער; דער אַרבײטס־פּראָצעס װערט אָנגעפיהרט אין ריזיגע אונטערנעהמונגען אויף א געזעלשאַפט־ליכען אופן, אין װעלכען די פרײַע לױן־אַרבײטער װערען פערגעזעל־שאַפטעט און דיסציפּלינירט. 3. ס י נ ט ה ע ז ע. די פערגע־זעלשאַפטעטע און דיסציפּלינירטע אַרבײטער מאַכען א סאָציאַלע רעװאָלוציע, שאַפען אָב די קאַפּיטאַליסטישע אײגענטומס־פאָרם און פיהרען אײן א קאָללעקטיװיסטישע אײגענטומס־פאָרם. בכן פערבינדען זיי די קאָמוניסטישע אײגענטומס־פאָרם פון דער ערש־טער פּעריאָדע (דער טעזע) מיט דעם קאָללעקטיװיסטישען פּראָדוק־ציאָנס־א ו פ ן פון דער צװײטער פּעריאָדע (די אַנטיטהעזע) און בעשאַפען די סינטעזע פון א קאָללעקטיװיסטישען פּראָדוקציאָנס־א ו פ ן אין א קאָללעקטיװיסטישער פּראָדוקציאָנס־פ אָ ר ם.

די עס־ער׳ן לײקענען, אַז אַלע פעלקער און לענדער האָבען זיך ביז אהער ענטװיקעלט לויט דער דאָזיגער סכעמע און אַז אַלע זענען זיי געצװאונגען דורכצומאַכען דיזעלביגע ענטװיקלונגס־שטאַדיען.

דער עיקר לײקענען זיי, אַז ביי י ע ד ע ן פאָלק מוזען די נאָך פערבליבענע קהל׳שע אײגענטומס־פאָרמען (װי צ. ב. די רוסי־שע אָבשצינאַ) פערשװינדען א דאַנק דעם קאַפּיטאַליזם, און זיי זעהען ניט אײן די „אײַזערנע נויטװענדיגקײט“, פאַר װאָס אַלע פעלקער מוזען דורכמאַכען די קאַפּיטאַליסטישע ענטװיקלונגס־פאַזע.

מאָל ניט אָבגעריסען איינער פון די אנדערע. אין דער געשיכטע ווירקען זיי אלע מאָל אין איינעם.

דער סאָציאַלער פּראָגרעס פון דער מענשליכער געזעלשאַפט, זאָגט די טעאָרעטישע איינלייטונג צו דעם פּראָגראַם פון די סאָציאַליסטען רעוואָליוציאָנערען, „דריקט זיך אויס אין דעם קאַמף פאַר דער פערהווירקליכונג פון געזעלשאַפטליכער סאָלידאַריטעט און פון דער אַלזייטיגער האַרמאָנישער ענטוויקעלונג פון דער מענשליכער פּערזענליכקייט... זיין נויטווענדיגע בעדינגונג איז די פערשטאַרקונג פון דעם מענשענס מאַכט איבער די קרעפטען פון דער נאַטור“.

און דער מענשליכער פּראָגרעס, — סיי אין דער ענטוויקעלונג פון די פּראָדוקטיווע קרעפטען, סיי אין דעם שטרעבען צו געזעלשאַפטליכע סאָלידאַריטעט און פּערזענליכע פאָלקאָמענהייט,— ווערט דורכגעפיהרט ניט נאָר דורך דעם סטיכישען קלאַסען־קאַמף פון די מאַסען, נאָר אויך „דורך דעם אריינמישען זיך פון בעוואוסטזיניגע קעמפּער פאַר אמת און יושר“, ד. ה. אויך דורך דער טהעטיגקייט פון דער אינטעליגענץ.

לאָמיר דאָ מאַכען די ניט איבעריגע בעמערקונג, אַז אונטער דעם נאָמען „אינטעליגענץ“ פערשטעהען די סאָציאַליסטען־רעוואָליוציאָנערען ניט אַ בעזונדער עקאָנאָמיש־קולטורעלע גרופּע פון די אזוי גערופענע געבילדעטע מענשען, נאָר דעם סכום פון אלע יענע איינצעל־מענשען, וואָס לעבען צוליעב אַ געוויסען אידעאַל, אַלץ איינס צו וועלכען קלאַס זיי זאָלען ניט בעלאַנגען און וועלכען גראַד פון בילדונג זיי זאָלען ניט בעזיצען. עס איז אָבער נ ו י ט י ג פאַר יעדען אינטעליגענטען מענשען צו שטעהן אויף דער העכסטער שטופע פון בילדונג.

ווייטער גלויבען די מאַרקסיסטען, אַז אלע פעלקער און לענדער מוזען דורכמאַכען דיזעלבינע שטאַדיען פון ענטוויקעלונג. אין גרויסען און גאַנצען שטעלען זיי זיך פאַר דעם געשיכטליכען פּראָצעס אַזוי: 1. ד י ט ה ע ז ע. די געזעלשאַפט הויבט אָן איהר ענטוויקעלונג מיט אַ צושטאַנד פון אַ פּרימיטיווען קאָמוניזם, וואו

*) זעה דאָס פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָליוציאָנערען.

אָביעקטיווע פּראָצעסען פון דער מענשליכער געזעלשאַפט. אין דער ענטוויקעלונגס־לעהרע, בנוגע אַט די אָביעקטיווע פּראָצעסען פון נאַטור און קולטור, שטעהען זיי אויף דעם שטאַנד־פּונקט פון די מאָדערנע וויסענשאַפטען, וואָס רעכענען זיך לחלוטין ניט מיט דער העגעל׳שער טריאַדע.

נעהט מען איבער צו דער סאָציאָלאָגיע און דער ג ע ש יכ ט ס־פּ י ל אָ ס אָ פ י ע געפינען מיר, אַז אויך דאָ איז דער מאַרק־סיזם טריי צו זיין מאַטעריאַליזם. „פּריהער“ איז די „מאַטעריע“, און די מ אַ ט ע ר י ע פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען זעהט ער אין די ע ק אָ נ אָ מ י ש ע פּ ר אָ צ ע ס ע ן, וואָס זענען די הויפּט־טרייבענדע קראַפט פון דעם היסטאָרישען געשעהען. די מענשליכע א י ד ע אַ ל ע ן, „די רוחניות“ פון דער געשיכ־טע, זענען ניט מעהר ווי שאַטענס, וואָס ווערן ארויסגעבראַכט פון דעם עקאָנאָמישען פּראָצעס און געהען נאָך נאָך איהם. דער פּראָג־רעס פון דער מענשהייט בעשטעהט אין דער ענטוויקעלונג פון די עקאָנאָמישע פּראָדוקטיוו־קרעפטען, אין דער גבורה, וואָס דער מענש ווייזט ארויס ביי דעם בעהערשען די דרויסענדיגע נאַטור. און אַט דער פּראָגרעס ווערט דורכגעפיהרט דורך די סטיכישע טהעטיג־קייט פון די מאַסען; אין א קלאַסען־געזעלשאַפט — דורך דעם קלאַסען־קאַמף. די איינצעלנע מענשען, ווי געניאַל זיי זאָלען ניט זיין, האָבען ניט קיין ברעקעל היסטאָרישע קראַפט און קאָנען גאָר נישט ניט אויפטהאָן אין דעם געשיכטליכען פּראָצעס. ממילא קאָן אויך די אינטעליגענץ ניט שפּיעלען קיין ממשות׳דיגע ראָליע אין איהם.

די אנשויאונגען פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען אין די אַלע ענינים שטימען מערקווירדיגערהייט צונויף מיט דעם פילאָסאָ־פישען פּרינציפּ פון זייער מאיאָריטעט, מיט דעם גרונד־געדאַנק פון דעם סינטעטישען מאָניזם.

ווי אין דער גאַנצער וועלט זענען גשמיות און רוחניות ניט צוויי בעזונדערע סובסטאַנצען, וואָס קאָנען זיין איינע אָהן דער אנדע־רער, אַזוי זענען אויך דער עקאָנאָמישער פּראָצעס און די מענש־ליכע אידעאַלען, דער עיקר די אידעאַלען פון אמת און יושר, קיינ־

לאָסאָפישער פירוש אויף דער וועלט ניט דער מאטעריאַליזם און ניט דער אידעאַליזם, נאָר דער סינטעטישער מאָניזם פון ספינאָזאַ׳, וואָס לערנט, אַז גייסט און מאטעריע זענען תּמיד צונויפגעבונדען אין איינעם; אַז אַקוראַט ווי עס קאָן ניט זיין אַ גייסט אָהן מאטעריע, אַזוי קאָן ניט זיין קיין איין פיצעל מאטעריע אָהן אינוועניגסטע רוחניות*).

אין דער אַלגעמיינער־ענטוויקלונגס־לעהרע האַלטען זיך נאָך די רוסישע מארקסיסטען פאַר העגעל׳ס כלומרשט׳דיגען געזעץ, אַז יעדע ענטוויקלונג מוז דורכגעהן דריי שטאַדיען (די „טריאַדע“): ערשטענס די טעזע, אָדער די זעצונג, צווייטענס, די אַנטי־טעזע, אָדער די אַנטקעגענזעצונג און, דריטענס, די סינטעזע, אָדער די צונויפזעצונג פון די צוויי פריהערדיגע היפּכים. דער מאַטעריאַליזם אין איינעם מיט דער ווידערשפּרוכס־לאָגיק און דער טריאַדישער ענטוויקלונג גיסט זיך צונויף אין דעם גרונד־פּרינציפּ פון דעם דיאַלעקטישען מאַטעריאַליזם.

די ס. ר.׳ען האַלטען, אַז די טריאַדישע ענטוויקלונג איז אמת זעהר אָן אָפּטע ערשיינונג אין דער געשיכטע פון דעם מענשליכען טעאָרעטישען געדאַנק און ממילא שפּיעלט זי אויך אַ גרויסע ראָליע אין דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג. אבער דאָס איז ניט קיין געזעץ, ניט פאַר דער נאַטור און ניט פאַר די

---

*) אין דער לעצטער צייט האָט ג. פּליעכאַנאָוו אויך דעם מאַרקסיסטישען מאַטעריאַליזם געוואָלט אויסטייטשען אין דעם זין פון דעם סינטעטישען מאָניזם. אָבער דאָס געהט להיפּך צו אַלין, וואָס מיר ווייסען וועגען דעם מאַרקסיזם און בפרט צו די קלאָרע אויסדריקליכע רעיד פון פרידריך ענגעלס. אויב שפּיהרונגען קאָנען אויפקומען נאָר אין אַ בּאַשטימטען אוי־וויסעל, מוז די גאַנצע וועלט, וואָס בּעשטעהט ניט פון אוי־וויסעל, ניט האָבען קיין בּרעקעל רוחניות אין זיך. דערפאַר זאָגט טאַקי דער מאַרקסיסטישער מאַטעריאַליזם, אַז „פריהער“ איז די מאַטעריע און „דערנאָך“ קומט ערשט צו צו איהר אונטער געוויסע בּעדינגונגען אַ געוויסע אַרט בּעוועגונג, וואָס מיר רופען „שפּיהרונג“.

בויט דער גאַנצער בנין פון דעם מענשליכען לאָגישען דענקען. עס קאָנען, אמת, אין א „זאַך“ קעמפען פערשיידענע קרעפטען, אָבער אין יעדען מאָמענט איז די זאַך דאָס, וואָס זי איז, און ניט קיין אַנדער זאַך, ניט קיין היפוך פון זיך גופא*).

אין דער טעאָריע פון דער אַלגעמיינער וויסענשאַפט גלויבען די מאַרקסיסטען, אַז מען קאָן אויף דעם וועג פון דעם ריינעם דעדוקטיווען מעטאָד קומען צו ריכטיגע רעזולטאַטען און מען קאָן זיי אָננעהמען פאַר געזיכערט, אפילו ווען מען האָט נאָך ניט אויסגעפאָרשט אַלע פאַקטען, וואָס געהערען צו דער פראַגע, וועלכע מען שטודירט.

די ס. ר.׳ען שטעהען דאָ אויף א מעהר עמפּירישען שטאַנד־פּונקט און זאָגען, אַז נאָר יענע דעדוקטיווע היפּאָטעזען האָבען א וויסענשאַפטליכען ווערטה און בעדייט, וואָס זענען אויסגעפּרובט געוואָרען אין דעם פּראָצעס פון דער עמפּירישער אונטערזוכונג (מעהר וועגען דעם ענין ווייטער אונטען).

אין דער פילאָסאָפיע זענען די מאַרקסיסטען אַנהענגער פון דעם מאַטעריאַליזם, וואָס לערנט, אַז דער תוך פון דער וועלט איז גשמיות און אַז די רוחניות, דער פּסיכישער פּראָצעס, איז נאָר א צו־שטאַנד, וואָס שפּיעלט זיך אָב אין א געוויסער אַרט לעבעדיגער מאַטעריע. ענגעלס בעהויפּטעט בפירוש, אַז „לעבען איז די עקזיסטענץ־אַרט פון די איי־ווייסעל־קערפּער“ און אַז די שפּיהרונגען (דער ערשטער בליאַסק פון רוחניות) טרעט ערשט נויטווענדיג אַרויס אין א געוויסער אַרט פון איי־ווייסעל־קערפּער**).

די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען האָבען ניט קיין אייגענע פילאָסאָפיע, וואָס זאָל זיין א חוב פאַר אַלע מיטגלידער פון דער פּאַרטיי. אָבער די מאַיאָריטעט פון די ס. ר.׳ען גלויבען, אַז לויט דעם איצטיגען צושטאַנד פון אַלע וויסענשאַפטען, איז דער בעסטער פּי־

---

*) זעה צ. ב. מיין אַרביט: „דער מאַטעריאַליזם און די דיאַלעקטישע לאָגיק“. פריהער געדרוקט אין דעם זשורנאַל: „רוסקאָיע באָגאַטסטווא“, וואָס האָט געפיהרט דעם טעאָרעטישען קאַמף פון די ס. ר׳ען און דער לעגאַלער ליטעראַטור.

**) זעה ענגעלס, אַנטי־דיוהרינג, ז. 73 און 74.

די ס. ר.'ען גלויבען אז אויף יענע פעלדער פון דעם מענשליכען פאָרשען, וואָס שטייגען אריבער די מענשליכע חושים, ווי די ריינע פילאָסאָפיע, אדער אין יענע ערקענטנים־צווייגען, וואָס האָבען צו טהאָן מיט מענשליכע אינטערעסען און נויטען, קענען ניט ארויסגעבראכט ווערן קיין זיכערע וויסענשאַפטליכע אמת'ן, ווייל דער סוביעקטיווער ווונש מאכט דעם מענשען גלויבען, אז ער האָט אויסגעפונען דעם ריינעם אמת, בעת אין דער אמת'ען האָט ער נאָר ארויסגעבראכט א טעאָרעטישען פלפול, כדי כלומרשט וויסענשאַפטליך צו כשר'ן זיין ווונש.

דערהויפט איז דאָס ריכטיג בנוגע צו די אזוי אָנגערופענע געזעצען פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען. און נאָך א גרעסערע ראָליע שפיעלט דער סוביעקטיווער ווונש אין דער געשיכטס־פילאָסאָפיע, ווען איינעם דוכט זיך, אז ער קאָן וויסענשאַפטליך פאָראויסזעהען, וואוהין עס טראָגט זיך „מיט אייזערנער נויטווענדיגקייט", דער שטראָם פון דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקעלונג. אין אַלע אזעלכע פעלען קלייבט דער מענש אויס (אָדער בעשאַפט) אזא געדאַנקענגאַנג, וואָס זאָל אין דער לעצטער שורה בעווייזען איהם, אז ער איז גערעכט מיט זיינע אידעאַלען און האָפענונגען. דער אויסדרוק: „אין דער געזעלשאַפט מוז אריינטרעטען אזא און אזא צושטאַנד" איז אייגענטליך דער טייטש: „איך וו י ל, איך בין פעראינטערעסירט, אז אזא און אזא צושטאַנד זאָל אריינטרעטען" אויף אן אמת וויסען, וואָס אזוינס עס וועט מקוים ווערן אין דער צוקונפט, וועט מען אפשר, א דאַנק דער מענשליכער סוביעקטיווער טבע, קיינמאָל ניט קאָנען האָבען. על־כן־פנים איז דאָס אונמעגליך איצטער, לויט דעם צושטאַנד פון דער איצטיגער וויסענשאַפט.

אין דער לאָגיק לייקענען אָב די מאַרקסיסטען דעם גרונדגעזעץ פון ווידערשפרוך, וואָס זאָגט, אז קיין זאַך קאָן זיך אליין ניט ווידערשפרעכען. זיי גלויבען, אין איינעם מיט העגעל'ן און זיין דיאַלעקטיק, אז יעדע זאַך טראָגט איהר ווידערשפרוך, איהר אייגענעם היפך אין זיך גופא און אז יעדע זאַך איז אין יעדען מאָמענט פון איהר זיין זי גופא און עפּעס אן אנדער זאַך.

די ס. ר.'ען האָבען אויסגעפונען, אז עס איז ניטאָ קיין גרונד אָבצוזאָגען זיך פון דעם פונדאַמענט, אויף וועלכען עס איז אויפגע־

סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט בעדאַרפט אַרבייטען, זענען אָבגעהאַנגען פון דעם, ווי איינער האָט געקוקט אויף די גרונד־קרעפטען, וואָס טרייבען אָן דעם געזעלשאַפטליכען פּראָצעס, און אויף דעם גאַנג פון דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקעלונג.

די ס. ר. האָבען דעריבער געמוזט איבערקוקען אַלע בעהויפּטונגען פון דער מאַרקסיסטישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע וועגען אַט די אַלע ענינים און אַזוי ווי די מאַרקסיסטישע געשיכטס־פילאָסאָפיע איז ענג פערבונדען מיט דער אַלגעמיינער מאַרקסיסטישער פילאָסאָפיע, איז מען שוין געצוואונגען געווען פאַנאַנדערצושפּרייטען די פילאָסאָפישע פליגלען און אריבער צו פליהען אַזש אין די הימלען פון דעם ריינעם פילאָסאָפישען געדאַנק.

דער פּועל־יוצא פון אַט דעם קריטישען איבערקוק פון אַלע בעהויפּטונגען, וועלכע די מאַרקסיסטישע טעאָריע האָט ארויסגעשטעלט, איז געווען דער, וואָס ביידע צדדים האָבען געמוזט איינזעהען, אַז זיי געהערען צו צוויי גאַנץ פערשיידענע ריכטונגען פון דעם מענשליכען געדאַנק און אַז זיי געהען זיך פאַנאַנדער כמעט אין אַ ל ע וויכטיגע פּונקטען פון דער מאָדערנער וועלט־אַנשויאונג.

אַט אַזוי איז דאָס געשעהען, וואָס אין יענעם היסטאָרישען שטרייט, האָט מען, ווי אין דבורה הנביאה'ס צייטען, די מלחמה געפיהרט ניט נאָר אויף דער ערד, נאָר אויך אין די „הימלען"... מן השמים נלחמו!

מען האָט זיך געשאָסען מיט שטערען און פּלאַנעטען, מיט זונען און לבנות, — שטערען און פּלאַנעטען פון דעם ריינעם טעאָרעטישען געדאַנק.

אויסרעכענען אַלע פּונקטען, וועגען וועלכע עס האָט געברענט דער היציגער שטרייט, איז לגמרי אונמעגליך אין אַזאַ קליינער אַרבייט ווי די, וועלכע מיר האָבען זיך דאָ פאָרגענומען. מיר וועלען זיך בעגנוגענען מיט דעם אַנמערקען די וויכטיגסטע פון זיי.

אויף דעם פעלד פון דער ריינער ע ר ק ע נ ט נ י ס ־ ט ע אָ ר י ע גלויבען די מאַרקסיסטען, אַז דער מענשליכער שכל קאָן ארויסברענגען אַבסאָלוטע אָביעקטיווע אמת'ען אפילו אין אַזעלכע פעלדער פון דעם מענשליכען געדאַנק ווי די פילאָסאָפיע, די סאָציאָלאָגיע, די געשיכטס־פילאָסאָפיע און די פּאָליטיק.

דאָס האָבען די עס־ער׳ען געוואוסט — ניט צו קיין אַנדערן, ווי נאָר צו דער רוסישער רעגיערונג אַליין, ווייל די פּאָליטישע מאכט ליעגט אין איהרע הענד. היות אבער ווי די רוסישע רעגיערונג פערשטעהט ניט קיין פּשוטע מענשליכע רעיד, וועט דער ארבייטער־קלאַס מוזען זיך ווענדען צו איהר מיט אזוינע דבורים, וועלכע זי זאָל קאָנען פערשטעהן. דער „לשון“, מיט וועלכען מען דארף רע־דען צו דער רוסישער רעגיערונג, איז שוין געווען אויסגעארבייט פון דער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיא וואָליא“, און די סאָציאַליסטען־רע־וואָליוציאָנערען האָבען געפאָדערט, מען זאָל זיך בענוצען מיט יענעם „ווערטער־בוך“.

אַזוי אַן ערך האָבען אויסגעזעהען די גרונד־פּרינציפּען פון דעם ערשטער פּראָגראַם־סקיצע פון דער ערשטער סאָציאַל־רעוואָליוציאָ־נערער אָרגאַניזאַציע, און עס איז דאָ לחלוטין ניט איינצוזעהען, ווי אַזוי מען האָט געקאָנט פון זיי אריבער פליעהען אין די הויכע עולמות פון דער אַלגעמיינער פילאָסאָפיע, און פאַר וואָס האָט מען דאָ גע־דאַרפט שילטען זיך „אין טאַטען אריין“. געשעהען איז דאָס אבער דערפאַר, וואָס די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט געמוזט אין דעם נאָמען פון דער מאַרקסיסטישער טעאָריע ארויסטרעטען מיט אַ העפטיגען פּראָטעסט אַנטקעגען דער שטעלונג און די אַנשויאונג פון די סאָציאַליסטען־רעוואָליוציאָנערען.

אויף דער פאָדערונג פון די סאָציאַליסטען־רעוואָליוציאָנערען, אַז די רוסישע ארבייטער־פּאַרטיי זאָל פערטיידיגען די אינטערע־סען פון די פּויערים, האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע געענטפערט מיט דער בעהויפּטונג, אַז די פּויערים זענען ק ל י י ן ־ ב י ר ־ ג ע ר און ניט קיין ארבייטער, און אַז זייערע אינטערעסען טאָה־רען דעריבער ניט פערטיידיגט ווערן אין אַ סאָציאַליסטישען פּראָג־ראַם.

מען האָט דעריבער זיך געמוזט פאַנאַנדערקלייבען אין דער ס אָ צ י אַ ל אָ ג י ש ע ר פראַגע, וואָס איז דער מהות פון אַ געזעלשאַפטליכען קלאַס, פון וואַנען די געזעלשאַפטלי־כע קלאַסען נעהמען זיך, און וואָס דאַרף זיין דער גרונד־פּרינציפּ, לויט וועלכען מען זאָל זיי איינטיילען.

די אויסזיכטען אויף דער רעוואָליוציע, צוליעב וועלכער די

באַדען און די צושטעלונג פון ערד צו די, וואָס ווילען זי בעאַרבייטען מיט די אייגענע הענד, איז דעריבער געווארען די צענטראַל־פאָרדערונג פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען. און, אין איינעם מיט די אינטערנאציאָנאַלע פאָדערונגען פון דער ארבייטער־פּאָליטיק אין די אינטערעסען פון די שטאָטיישע ארבייטער, און די געוועהנליכע פאָרדערונגען פון דער פּאָליטישער פרייהייט, אין וועלכע זיי זענען זיך ניט פאנאנדערגעגאנגען מיט די אַנדערע רעוואָלוציאָנערע ריכטונגען, האָט זי געבילדעט דעם פּראָגראַם־מינימום פון דער נייער ריכטונג.

אין אַלע אַנדערע פּראָגראַם־פּונקטען זענען די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען סאָציאַליסטען אין דעם מאָדערנעם זין פון דעם וואָרט. זיי האָבען זיך פון אַנהויב אָן אָנגעשלאָסען אָן יענעם ארט סאָציאַליזם, וועלכען ענגעלס האָט א נאָמען געגעבען „דער ארבייטער־סאָציאַליזם“ און וועמעס גרונד־סימן דערזעלביגער ענגעלס האָט אויסגעפונען אין דער פאָרדערונג: אָבשאַפען פריוואַט־אייגענטום אויף אַלע געצייג און מיטלען פון דער פּראָדוקציע און איינפיהרען קאָללעקטיווע פאָרמען פאַר זייער אויסנוצונג.

זיי זענען מאָדערנע סאָציאַליסטען אויך אין דעם זין פון דעם וואָרט, וואָס זיי גלויבען אין דער נויטווענדיגקייט פון דעם קלאַסען־קאַמף סיי אויף דעם פּאָליטישען, סיי אויף דעם עקאָנאָמישען געביעט. זיי גלויבען אין ארבייטען צוליעב דער ארגאַניזאַציע פון אַן איינהייטליכער ארבייטער־פּאַרטיי, וואָס זאָל פערטרעטען די אינטערעסען פון אַלע ארבייטס־קרעפטען אין דעם לאַנד און סוף כל סוף בעפרייען די מענשליכע ארבייט פון אַלע קעיטען, וואָס שמיעדען זי איין.

אָט די ארבייטער־פּאַרטיי, וואָס די יונגע עס־ער'ן האָבען גענומען גרינדען, האָט געהאַט צוויי הויפּט־ציעלען אין זין: דעם סאָציאַליזם און די פּאָליטישע פרייהייט. מיט דער סאָציאַליסטישער און פּאָליטישער פּראָפּאַגאַנדאַ און אגיטאַציע האָט די ארבייטער־פּאַרטיי זיך געדאַרפט ווענדען צו אַלע שיכטען פון דעם ארבייטענדען פאָלק, דער עיקר אָבער, צו דעם פויער אין דאָרף. אָבער מיט די פּאָליטישע פאָדערונגען וועט מען זיך דאַרפען ווענדען, —

בדרך כלל ווייסען אלע, וואָס לעבען מיט א בעוואוסטזיניגען היסטאָרישען לעבען, זעהר גוט, אז ניט די מענשען זענען בעשאַפען געוואָרען צוליעב דעם סאָציאַליזם, נאָר דער סאָציאַליסטישער אי־דעאַל איז ארויסגעבראַכט געוואָרען צוליעב די מענשען, און ניט צוליעב גלאַט מענשען אין דער וועלט אריין, גלאַט—פּערטרעטער פון דעם מין „האָמאָ סאַפּיענס“, נאָר צוליעב קאָנקרעטע בעשטימטע איינוואוינער פון א געגעבענעם לאַנד אין א געגעבענער צייט, צו־ליעב דער מאַיאָריטעט פון אָט דעם בעשטימטען, היסטאָריש אויס־געוואַקסענעם פּאָלק. זיינע אוממיטעלבארע, ווירקליכע לעבענס־נויטען האָבען ארויסגערופען זייערע געדאַנקען וועגען טובת הכלל און האָבען אָנגעצונדען די פלאַם פון זייער קריטישען און שאַפענדען שכל, כדי אויסצוגעפינען, אין וואָס עס זאָל בעשטעהן יענע „טובת הכלל“ און וועלכע מיטלען מען דאַרף אָנווענדען, כדי צו דערגריי־כען דעם געווינשטען ציעל.

אין רוסלאַנד אָבער איז די מאַיאָריטעט פון דעם פּאָלק, ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, — פּויערים, און די לעבענס־נויטען פון דעם פּאָלק זענען פּויערים'שע, פערבונדען מיט דער ערד און מיט דער ערד־ארבייט.

דאָס הייסט, אז ווען מען רעדט וועגען די לעבענס־נויטען פון די ארבייטענדע שיכטען פון דעם רוסישען פּאָלק, מוז מען קודם כל און הויפּטזעכליך טראַכטען וועגען די רוסישע פּויערים, דער מאַיאָריטעט פון דער רוסישער ארבייטאָרישער בעפעלקערונג.

קאָן דען זיין א ספק, אין וואָס עס בעשטעהט די צענ־טראַלע לעבענס־נויט פון דעם רוסישען ארבייטענדען פּאָלק?

נאָר איין ענטפער קאָן געגעבען ווערען אויף דער פראגע. די לעבענס־נויט בעשטעהט אין דעם, אז די פּויערים זאָלען האָבען גע־נוג ערד, צו וועלכער זיי זאָלען קאָנען צולעגען זייער ארבייט. גענוג ערד קאָנען זיי אָבער האָבען נאָר יעמאָלט, ווען די ערד וועט בע־לאַנגען נאָר צו די, וואָס בעארבייטען זי מיט זייערע אייגענע הענד, כדי יעדערער זאָל קאָנען האָבען נאָר אזוי פיעל ערד אין זיין בעזיץ, וויפיעל ער קאָן אליין בעארבייטען, און כדי דאָס, וואָס ער קאָן ניט בעארבייטען אליין, זאָל ער מוזען אבטרעטען אן אנדערן.

די אבשאַפונג פון פּריוואַט־אייגענטום אויף דעם גרונד־און־

# ערשטער קאַפּיטעל

## סאָציאַל-דעמאָקראַטען און סאָציאַליסטען-רעוואָלוציאָנערען.

אין דעם אָנהויב פון די נייענציגער יאָהרען, — דער געבורטס־צייט פון די סאָציאַליסטען־רעוואָליוציאָנערען, — האָט דער רוסי־שער סאָציאַליזם שוין געהאט הינטער זיך א לאנגען פּעריאָד פון אומ־געהויער אָנגעשטרענגטען געדאנק און אָנגעשטרענגטער טהעטיג־קייט.

פּארטייען האָבען אָבגעביעטען פּארטייען, פּראגראמען זענען פערדרענגט געוואָרען פון פּראגראמען, אָבער אין אַלע אין זיי איז איין פּונקט געוועזען דער ליכטיגסטער, דער צענטראַלסטער, אין וועל־כען קיינער האָט קיינמאָל ניט געקאָנט צווייפלען: די רוסישע סאָציאַליסטישע פּארטיי האָט קודם כל פאר איהר אויפגאבע צו דיענען די אינטערעסען פון דעם רוסישען ארבייטענדען פאָלק. די מאַיאָריטעט פון דעם רוסישען פאָלק בעשטעהט פון פּויערים. דע־ריבער דארפען די אינטערעסען פון די פּויערים שטעהן אין דעם צענטר פון דעם סאָציאַליסט׳ס געדאנק.

פּראקטישע פּלענער און אוטאָפּיסטישע פאנטאַזיעס, רייכע קענטשאפט פון לעבען און השערות פון א בוך־פּרעסער, — אַלץ איז דורכגעגאנגען דורך איהם, אָבער זיין צענטראַל־פּונקט איז געבליע־בען דערזעלביגער: די אינטערעסען פון דער מאַיאָריטעט פון דעם רוסישען פאָלק, פון די פּויערים.

און ווי האָט דאָס געקאָנט אנדערש זיין?

מען מאכט א גרויסען טעות, ווען מען מיינט, אז די ראַ־דיקאַלען, די סאָציאַליסטען ווערען געפיהרט אין זייער קאמף פאר דער מענשהייט און א בעסערען לעבען פאר איהר דורך די פאָרשטע־לונגען פון אן אבסטראקטען מענשען, א סתם מענשען אין דער וועלט אריין. אזוינע, וואָס לעבען מיט אן אבסטראקטער ליעבע צו דעם „סתם־מענשען“ און טראכטען אבסטראקטע געדאנקען וועגען א סאָ־ציאַליסטישען לעבען איבערהויפּט, זענען דאָ זעהר ווייניג אויף דער וועלט.

## אינהאַלט:

ע ר ש ט ע ס  ק א פ י ט ע ל: — איינלייטונג: סאָציאַל־דעמאָקראַטען און סאָציאַליסטען־רעוואָליוציאָנרען — זייטע 3

צ ו ו י י ט ע ס  ק א פ י ט ע ל: — ארבייטער און פּראָלעטאַריער — — — — — — — — — — — — — זייטע 22

ד ר י ט ע ס  ק א פ י ט ע ל: — וועגען דער געשיכטליכער ראָליע פון דער אינטעליגענץ — — — — — — — — זייטע 44

פ ע ר ט ע ס  ק א פ י ט ע ל: — וועגען דעם עטישען פאַקטאָר אין דער געשיכטע פון דעם וויסעשאַפטליכען סאָציאַליזם — — — — — — — — — — — זייטע 77

ארבייטער רינג ביבליאָטעק

V.

# דער סאָציאַליזם פון די סאָציאַליסטען-רעוואָלוציאָנערען.

פון דר. ה. זשיטלאָווסקי

ארויסגעגעבען פון דער
עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון ארבייטער רינג.
ניו יאָרק, 1916.

49

ארבייטער רינג
ביבליאטהעק

נומער 5

ד"ר. ח. זשיטלאווסקי

דער סאציאליזם
פון די
סאציאליסטען-רעוואלוציאנערען

ארויסגעגעבען פון דער
עדוקיישאנאל קאמיטע פון ארבייטער רינג

UTL AT DOWNSVIEW
D RANGE BAY SHLF POS ITEM C
39 11 03 05 05 05 005 8